געקליבענע ווערק פון ה. לייוויק

# שאָפּ

דראַמע אין פיר אַקטן

ווילנע — 1928

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# פערזאָנען:

וואָלף, \
גאָלד, באָסעס.

היימי, \
פיליפ, קאַטערס. (צושניידער) \
לייבל,

באַרקאַן, דעזיינער.

ליפּמאַן, אָפּרייטאָר.

בער, פרעסער.

שלמה-חיים, פרעסער, עלטערער ייד.

מינע, אָפּרייטאָרן.

ראַיע, אָפּרייטאָרן.

גוידי, פינישערן.

קיידי, סיידי, דער אַלטער לייזער (היטער פון שאַפּ), ערשטער אָפּרייטאָר, צווייטער אָפּרייטאָר, ערשטער שטאַרקער, צווייטער שטאַרקער, יינגערמאַן, ווייבל.

וואָלף — בעוועזענער רעוואָלוציאָנער אין דער אַלטער היים.

# ערשטער אַקט

שניידער=שאַפּ, פּענצטער אין גראַטן. רעכטס צוויי קאַטער=טישן. אויף איינעם אַרבעט היימי. אויפן צווייטן פיליפ און לייבל. לינקס, אויף אַ טישל באַזונדער, אַרבעט באַרקאַן דער דעזיינער. אַ פּאָר שפּאַן פון אים, ראַיע די אָפּערייטאָרן. נאָך איר די אָפּערייטאָרס ליפּמאַן און מינע. צווישן דעם קאַטער=טיש און אָפּערייטאָרס, אַ טיש, אויף וועלכן עס אַרבעטן די פּרעסערס בער און שלמה=חיים. צווישן די פּרעסערס און אָפּערייטאָרס, אַ טישל, אויף וועלכן עס אַרבעט גוידי. צווישן די קאַטערס און פּרעסערס — הויך=פּאַרלייגטע טישן מיט סחורה, קליידער און קאָסטנס, אַזוי, אַז עס באַקומט זיך כּמעט אַ וואַנט, וואָס צעטיילט דעם שאַפּ אויף צוויי.

בּאַ דער טיר אַ גרויסער זייגער, אויף וועלכן יעדער אַריינקומענדיקער אַרבעטער קלאַפּט אָפּ די צייט אויף אַ קאַרט.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, זעט מען אַ מאָדנע בילד. דער אַלטער לייזער קערט דעם שאַפּ מיט אַ לאַנגן בעזים. און די מאַשינען, לייזער, דרייען זיך און רוישן. דער אַלטער ווייזט אויס, האָט געלאָזט די עלעקטריק און האָט הנאה פון דעם=דאָזיקן איינפאַל. ער קערט און טאַנצט אונטער שווער און קאָמיש. דער זייגער ווייזט פינפצען מינוט פאַר אַכט אין פרימאָרגן. אין דעם קומט אַריין וואָלף, איינער פון די באָסעס

וואָלף

מיט שרעק

וואָס איז דאָ?

לייזער

א צעטומלטער לויפט שנעל און שטעלט אָפּ די עלעקטרישע קראַפט, קערט זיך צוריק, שטאַמלט, ווי איינער, וואָס מען כאַפּט בײַ אַן עבֿרה

ס'איז אַזוי זיך.

וואָלף

וואָס מיינסטו אַזוי זיך?

לייזער

נו, זיי מיר מוחל. אַן עוולה טאַקע. אָט עפּעס אַ באַרישקייט אַזאַ. ס'ווערט אומעטיק אַמאָל, טו איך עס. זיי מוחל.

וואָלף

ניין, איך בין נישט מוחל. וואָס הייסט עפענען די עלעקטריק! איר וועט דאָך צעבּרעכן אַלע מאַשינען, אַלע נאָדלען.

לייזער

ביסט גערעכט, מער נישט.

וואָלף

שטעלט זיך באַם שנייד-טיש, לייגט אויס סחורות, שניידט מיט א שער

עובֿר בטל.

לייזער

קצרט

וואָלף

וויפיל מאָל האָב איך אייך געזאָגט, אַז אַ שאַפּ דאַרף מען אויסקערן אין אָוונט נאָך דער אַרבעט, נישט אין פרימאָרגן.

לייזער

נו, שריי נישט אויף אַן אַלטן חבר, וואָלף.

וואָלף

ווידער דאָ מיטן חבר. איך האָב אייך פינפציק מאָל געזאָגט: רופט מיך נישט חבר. אַז איך האָב מיט אייך געוווינט אין איין דאָרף אין סביר, — איז וואָס? — — אַזאַ שטויב, צו אַלדי טייוואָלאָנים! אויב איר וועט נאָכאַמאָל קערן דעם שאַפּ אינדער־פרי —

לייזער

אָבער שאַ, שריי נישט.

וואָלף

וויפיל מאָל געזאָגט אייך, איר זאָלט מיך אירצן! מענטשן קומען, ביזנעס־לייט — איר קריכט מיר אַריין מיטן „דו". פאַרוואָס צו מר. גאָלדן —

לייזער

מר. גאָלד איז דאָך אַ היגער. פאַר אים וואָס בין איך, ווער בין איך?

וואָלף

איך בין אויך אַ היגער. אַלטע היים — אויס. אויס. איך בין אויך ווי גאָלד.

לייזער

אָבער ווי קען איך —

וואָלף

אָן אַרגומענטן. דאַטס־אָל. סיידן איך אַרט נישט פאַרן דזשאַב.

לייזער

לאַכט פאַרלוירן

וואָלף

איר לאַכט נאָך?

לייזער

צעטומלט

נו, אדרבא. זאָל זיין אירצן.

פויזע

וואָלף

מאַכן מיך קראַנק. לאַנדסלייט. פויזע דערציילט מיר בעסער, וואָס רעדט עפּעס אַזוינס דער שאַפּ? אַט מכּוח דעם גענעראַל־שטרייק וואָס דאַרף קומען.

לייזער

וואָס ווייס איך?

וואָלף

רעדן דאָך די אַרבעטער וועגן מיר, מסתּמא, — ניין?

לייזער

וואָס איז דאָ צו רעדן?

וואָלף

אָט. כ׳מיין, מכּוח מיר. אַ באָס — הייסט עס. דער שאַפּ האָט מיך פיינט, מסתּמא, האַ?

ל י י ז ע ר

נישט געהערט אַזוינס.

ו ו ו ל ף

נישט געהערט? איר ווילט נישט אויסזאָגן. איר האָט מיך אויך פֿיינט, איך זע דאָך.

ל י י ז ע ר

נישט שיין אָפּצולאַכן פֿון אַן אַלטן חבר.

ו ו ו ל ף

נו, גענוג מיט אייער קערעניש.

עס קומט אַריין גולד. אַ ייִנגערמאַן אין די דרייסיקער, אַ שטרענגער, אַ קאַלטער. ציילט זיינע ווערטער. ווירקט מיטן קוק. קוקט אויף אַרבעטער פֿון אויבן אַראָפּ. אַלע מיטלען כשר פֿאַר אים. דערפֿילט ער אָבער, אַז ער פֿאַרשפּילט, ברעקלט ער זיך נישט, גיט נאָך, און איז ווידער דער זעלביקער. דער אַלטער לייזער, ווי ער דערזעט אים, אַנטלויפֿט מיטן בעזים אין הינ-טערגרונט

ג ו ל ד

ברוסט זיך

וואָס פֿאַר אַרגומענטן אַזוינע?

ו ו ו ל ף

אַן אַלטער תּרח. איך הייס אים צוהערן זיך, וואָס דער שאָפּ רעדט מכּוח דעם שטרייק, און ער —

ג ו ל ד

שלאָגט איבער

נישט נייטיק אַזוינס.

וואלף

וויכטיק צו וויסן, וואָס דער שאַפּ טראַכט.

גאָלד

שאַפּ טראַכט נישט.

וואלף

ס'וועט דאָך זיין אַ שטרייק.

גאָלד

זאָל. וועל קיין יוניאָן נישט אַרויפלאָזן אַהער.

וואלף

אַ קוק אַ מענטש האָט עס! פויזע אָבער קומען פאַרטאָג און צו־שניידן אַרבעט —

גאָלד

נישט ביטיק אַזוינס.

וואלף

נישט בייטיק?

גאָלד

באַ מיר וועט מען אַרבעטן אין שטרייק אויך, אפשר איר --

וואלף

וואָס איך?

גאָלד

נישט קיין יוניאָן־שאַפּ דאָ, און וועט נישט זיין. אייך קען זיך אפשר פאַרגלוסטן יוצא זיין. איך דאַרף נישט יוצא זיין. מיין געוויסן איז ריין.

וואָלף

ווער זאָגט אייך, אַז איך וויל יוצא זיין?

גאָלד

דער אַמאָליקער בונדיסט קראַצט אין אייך.

וואָלף

איך בין אפשר אי־צט אויך אַ סאָציאַליסט.

גאָלד

מיט חוזק

סאָציאַליסט. פויזע נישט אומזיסט האָט דער שאַפּ פאַר אייך קיין אָפּשיי נישט.

וואָלף

נישט אַלע האָבן דאָך אַ פּנים ווי אייערס, וואָס גיט נישט קיין שמייכל.

גאָלד

צו קיין שאַפּ שמייכלט מען נישט פויזע וואָס מיינט שאַפּ? — אַרבעטן. גייט צו צו אים נאָענט וואָס פאַר אַ קאָלנער אַ מענטש טראָגט עס! שמוציק! פירמע איז פירמע! נישט קלויז, נישט „בונד".

וואָלף

הערט אויף.

גאָלד

אָט די גרינהאָרנס אייערע, — איך דאַרף זיי נישט אין שאַפּ, קי־קערס, איך וועל קיין יוניאָן נישט אַרויפלאָזן אַהער.

וואָלף

וואָס קען איך טון? באַקאַנטע, לאַנדסלייט — קומען בעטן אַר־בעט.

גאָלד

שאַפּ דאַרף נישט קיין באַקאַנטע. נעגערס, איטאַליענער, כינעזער. שאַפּ דאַרף האָבן הענט. פּויזע דער שטרייק קען זיין זאָל זיך אָנהייבן אפילו מאָרגן.

עס קומט אריין באַרקאַן, גריסט זיך, גייט צו צו זיין פּלאַץ

גאָלד

צו אים

נו, איך האָב נעכטן מיט אייך גערעדט —

באַרקאַן

וועל —

גאָלד

איך רעד מיט אייך אָפן.

באַרקאַן

וועל —

גאָלד

מיר וועלן זיין דזשענטלמען איינער צום אַנדערן. דערזעט ווי עס קומט אריין הײמי, גייט צו שנעל צו אים, לייגט ארויף אַ האַנט אויף זיין אַקסל. הײמי געשמייכלט ווי גייט עס, הײמי?

הײמי

פיין, מר. גאָלד.

ג ו ל ד

וואָס מאַכט די פאַמיליע ?

ה י י מ י

טיינקס, מר. גולד.

ג ו ל ד

האָסט גערעדט מיט מיר וועגן אַ רייז — *)

ה י י מ י

איך בין אַ פאַמיליע־מאַן, פיר קינדער.

ג ו ל ד

גיי אין אָפיס — היימי אָפּ. גולד דערזעט, ווי עס קומט אריין מ י נ ע. זאָגט צו וואָלפן אָט איז די דאַמע אייערע מיט די גרויע אויגן. דער שאָף קוקט צו איר אַרויף. רעדט זיך מיט איר דורך.

ו ו ו ל ף

פשוט פרעגן צי זי וועט שטרייקן ?

ג ו ל ד

האַרט

יאָ, פרעגן, פשוט פרעגן.

גולד אָפּ אין אָפיס אריין, קאָפּ פאררײסן. מ י נ ע בייט פארביי וואָלפן, גריסט זיך מיט אַ קוים באמערקטן נויג, וויל פאר־ בייגיין

---

*) הוספה

ו ו ו ל ף

נישט דרייסט

מינע —

מ י נ ע

פאַראַכטלעך

וואָס פאַרלאַנגט איר ?

ו ו ו ל ף

וואָס אַזוי שטרענג ? נו, פאַרגעסט אויף אַ ווײַלע, אַז איך בין באָס און איר אַן אַרבעטערין בײַ מיר —

מ י נ ע

צוליב וואָס פאַרגעסן ?

ו ו ו ל ף

שטאַמלענדיק

נו, כאָטש צוליב אונזער אַלטער פרײַנטשאַפט. איר מיינט — איך האָב פאַרגעסן — אונזער סיביר.

מ י נ ע

סאַרקאַסטיש

אַזוי ? נישט פאַרגעסן ? אַ דאַנק אײַך, אַמאָל איז אָבער געווען וואָלפזאָן, נישט וואָלף. וואָלפזאָן איז געשטאָרבן.

ו ו ו ל ף

און וואָלף ?

מ י נ ע

אַ באָס !

װיל אװעקגיין

### וו ו ל ף

פארהאלט זי

זעט איר, וואָלט איר שוין געווען אויסגעהאַלטענער, ווען איר קומט אינגאַנצן נישט בעטן באַ מיר קיין אַרבעט.

### מ י נ ע

דאָס איז מיין ווייטיק. אַ גאַנץ יאָר אַרומגעגאַנגען ליידיק. איבע-ריקנס, וואָס איז דער חילוק? די מערסטע באַסעס היינט זענען אַלע אַזוינע געוועזענע כּלומרשט-סאָציאַליסטן, ווי איר.

לאָזט זיך גיין

### וו ו ל ף

מינע —

### מ י נ ע

מיין נאָמען איז מיס גערמאַן. וואָס פאַרלאַנגט איר?

### וו ו ל ף

פארלוירן

גאָרנישט.

מינע קוקט אים אָן שארף. זעצט זיך באַ איר מאַשין. אין דער צייט זענען אָנגעקומען די מערסטע אַרבעטער. מען הערט, ווי זיי קלאַפּן אָפּ זייערע קאַרטן אויפן זייגער. הייבן אָן פאַרנעמען זייערע פּלעצער. וואָלף אָפּ. ק י י ד י און ס י י ד י טאַנצן אריין

### ק י י ד י

ווו ביסטו געווען נעכטן באַנאַכט, סיידי.

### ס י י ד י

וואָטס מעדער?

קיידי

געוואַרט אויף דיר, אַלע באַיעס האָבן געוואַרט אויף דיר.

סיידי

וועלן זיי מאָרגן אויך זיין די באַיעס?

קיידי

יאָ. זאָלסט קומען. דער באַי מיט די גלעזער פרעגט זיך נאָך אויף דיר.

סיידי

דיין פאַ שרייט שוין נישט, וואָס די באַיעס קומען?

קיידי

ניין, ער שרייט שוין נישט. איך גיב אים אַוועק מיין גאַנצע פּיי... יעס סער, שי איז מיי בייבי.

סיידי

נאָכטאַנצנדיק

נאָ סער, דאָן סיי מעי בי.

סיידי און קיידי טאַנצן צו צו זייערע מאַשינען, זעצן זיך אַוועק. גוידי שפּרינגט צו האַסטיק צו איר טיש, זינגט אי־בערן שאַפּ: „דריי זיך, רעדעלע, דריי זיך". היימי קומט אַרויס פון אָפיס אין שאַפּ צוריק מיט אַ צופרידן פנים, פאַר־גנעמט זיין פּלאַץ. גולד קומט אַריין ווידער, דערזעעט בערן, רופט אים אין אַ זייט און שמועסט מיט אים. ליפּמאַן קומט צו צו זיין מאַשין אַנטקייגן מינען

ל י פ מ אַ ן

שטיל, כמעט ווי פאַר זיך

גוט מאָרגן, מינע.

מ י נ ע

גוט יאָר. איר ווייסט עפּעס נייעס ?

ל י פ מ אַ ן

ניין און איך וואַרט נישט.

מ י נ ע

איז זיצן אָט־אַזוי־אָ און קריכן מיטן לייב, מיטן לעבן אין דער מאַשין אַריין — און זינקען אין איר —

ל י פ מ אַ ן

אַך נו —

מ י נ ע

און שטאַרבן אין איר —

ל י פ מ אַ ן

איז שטאַרבן —

מ י נ ע

איר האָט דאָך מיר נעכטן צוגעזאָגט עפּעס, ליפּמאַן ; אַנדערש זיין — שטאַרק זיין.

ל י פ מ אַ ן

נו, ס'איז מיר אומעטיק.

מ י נ ע

נאָך אונזער נעכטיקן געשפּרעך נאָך אַלץ אומעטיק ?

ל י פּ מ אַ ן

איך אַרבעט אויף זיך. איך וויל אייך פאָלגן. איך וויל אַליין זיין אַנדערש.

מ י נ ע

געדענקט־זשע, ליפּמאַן, — שטאַרק זיין, אין נאָמען פון אונזער חברשאַפט.

ל י פּ מ אַ ן

כאַפּט איר האַנט

אין נאָמען פון אונזער חברשאַפט. מער ווי חברשאַפט, מער.

ב ע ר

ווי ער איז געשטאַנען און גערעדט מיט גולדן, גיט א שפּרונג אָפּ מיט כעס

וואָס מיינט איר ? מיט אַ פינף דאָלאַר מיך אָפּקויפן ?

ג ו ל ד

לאָזט אים איבער און אָפּ

ב ע ר

גייט צו צו זיין טיש, צום צווייטן פּרעסער שלמה־חיים

געזעגן אַזוינס ! ער מיינט, איך בין עפּעס אַן אויסוואורף ! נישקשה, איך בין טאַקע אינדערהיים געווען אַ באַלעגאָלע. אָבער אַזוי ערלעך ווי אַן אַמעריקאַנער באַס בין איך צו יעדער צייט.

עס קומט אריין פ י ל י פ , א פראגטל, און אויך ל י י ב ל. לייבל
גייט צו צו גוידין מיט האסט

ל י י ב ל

איך בין בייז אויף אייך.

ג ו י ד י

פאַרוואָס ?

ל י י ב ל

פיליפּ רעדט אייך אָן, און איר פאָלגט אים. ער איז א פלאַפּלער, אַ גאַרנישט.

אָפּ צו זיין פלאַץ, די מאשינעןֿ הייבן אָן גיין

ג ו י ד י

דריי זיך, רעדעלע, דריי זיך
טאַנץ, באָדעלע, טאַנץ.

פ י ל י פ

צו היימין

אָבער וואָס אַזוינס האָט מר. גולד מיט דיר גערעדט ?

ה י י מ י

לאָז אַרבעטן.

פ י ל י פ

האָסט דאָך אַליין אָנגעהויבן.

ה י י מ י

לאָז אַרבעטן.

פ י ל י פ

קריכסט צופיל אין אָפיס.

ה י י מ י

שרייט

אָבער לאָז אַרבעטן !

ל י י ב ל

אייביק קריגן זיי זיך. מיאוס !

פ י ל י פ

צווייטער מאָנאַט אין שאַפּ און מישט זיך שוין.

ל י י ב ל

וויפיל דאַרף מען דאָס זיין דאָ צו זען די מיאוסקייט ?

ה י י מ י

אַ קליינינקייט — באַרקאַנס קאָזין.

היימי און פיליפ לאַכן

ל י י ב ל

אַן אַרבעטער ווי איר אַלע.

ה י י מ י

מיר לערנען אים פּאַר אַ קאַטער, און באַ אים איז דאָס גאַרנישט אָנגעלייגט.

ל י י ב ל

אַ יחוס !

ה י י מ י

שרייט

גוידי, גוידי, לואי איז שוין ווידער בייז.

ג ו י ד י

איי לייק הים.

פ י ל י פ

היט זיך, היימי, ער וועט נאָך באַלד ווידער כאַפּן אַ שער, ווי נעכטן, דערפאַר וואָס דו רופסט אים לואי.

ה י י מ י

אַ מענטש זאָל נישט וועלן ליידן, אַז מען רופט אים לואי.

ל י י ב ל

בלייך

איך זאָג, איר זאָלט אויפהערן.

פ י ל י פ

שטיקט אין זיך דאָס לאַכן

היט די ביינער, היימי.

ל י י ב ל

מיט טרערן

אַזוי ווי צווישן קרימינאַלניקעס, אין אַ תפיסה.

ג ו י ד י

זינגט

וואָס האָב איך, וואָס דאַרף איך ?
אַ שפיגעלע האָב איך -- וואָס פעלט מיר ?

ש ל מ ה ־ ח י י ם

שאַ, אַ ביסל שטילער.

ג ו י ד י

געפעלט אייך נישט, ווי איך זינג?

ש ל מ ה ־ ח י י ם

רייסט אין די אויערן.

ג ו י ד י

נאָך העכער

קומט, באָיעס, טאַנצן,
קומט, באָיעס, הוליען
און קויפט מיר אַ לאַליפּאָפּ.

געלעכטער

ש ל מ ה ־ ח י י ם

אַז דער שאַפּ באַלעוועט זי.

ג ו י ד י

נעמט מיך אויס היינט נאַכט, מיסטער שלמה־חיים.

ש ל מ ה ־ ח י י ם

טפו!

ב ע ר

בעט מיך, גוידעלע.

ג ו י ד י

איר וועט נאָך מיינען אויף אַן אמת.

בער

און אַז אויף אַן אמת ?

גוידי

איך האָב ליב יינגע באַיעס.

זינגט

איך בין אַ באַלעגאָלע,
און האָב מיר מיינע פערד.

בער

דאָס איז שוין אויף מיין חשבון —

שלמה־חיים

אַז איך זאָג דאָך — אַ משומדתטע.

בער

אַ ווויל קינד. איך האָב דיך ליב, גוידי.

גוידי

אוי, ס׳איז מיר גוט, ער האָט מיך ליב.

באַרקאַן

שרעקט

דאַטס ענאָף !

גוידי

פטרט אָפּ באַרקאַנען מיט אַ קריִם. אין דער זייט צו ליפּמאַנען

מיסטער ליפּמאַן, איר זענט נאָך אין כעס אויף מיר ? ליפּמאַן ענטפערט

נישט איך האָב אייך באַליידיקט נעכטן. איך בעט אייך איבער, מיסטער ליפּמאַן.

ל י פּ מ אַ ן

ענטפערט נישט

ג ו י ד י

מיסטער ליפּמאַן, איך בין אַ שלעכט מיידל, איר זענט אַ שטילער, אַ שעמעוודיקער, אַ פרעמדער.

ב ע ר

ליפּמאַן איז נישט אין כּעס.

ג ו י ד י

אַז מען רעדט צו אים, איז אַזוי ווי מען וואָלט אים גע־שלאָגן.

ב ע ר

ער איז אָבער אַ גרויסער קענער. אַ למדן. אין דער אַלטער היים שיער נישט אַ רב געווען.

ג ו י ד י

אַזוי ?! רופט מיסטער ליפּמאַן.

ב אַ ר ק אַ ן

מיט געשריי און כּעס

גוידי, זאָל זיין שטיל !

ג ו י ד י

שפּרינגט אויף

איך וויל נישט, איר זאָלט רעדן צו מיר אַזוי —

ב ע ר

גוט אַזוי, גוידי, דערלאַנג אים —

באַרקאַן

צו בערן

ווער זענט איר ?

ב ע ר

ווער בין איך ? איך בין בער, דער געוועזענער באַלעגאָלע, און איצט בין איך בער דער פּרעסער. גענוג יחוס ?

ג ו י ד י

זינגט

מיט דער בייטש אַ כוואָשטש —

ב ע ר

הלוואַי קומט שוין טאַקע אַ שטרייק. אַ ביסעלע אויסלופטערן דאָ.

באַרקאַן

דורך די ציין

קייקס !

ב ע ר

גיט זיך אַ לאָז צו אים

וואָס האָסטו געזאָגט ?

שיער נישט אַ בעשלעג

ש ל מ ה־ח י י ם

האלט אים אָפּ

לאָזט געמאַך. אַרבעט!

מען אַ־בעט

ג ו י ד י

ז ינגט

איך בין אַ שלעכט מיידל,
איך טאַנץ אויף אַלע קאָרנערס,
עס טראָגט אויף מיר אַ פּעס
יעדער מיסטער באָם.

עס קומט אַריין גולד, גייט דורך דעם שאַפּ מיט האַסטיקע טריט. נעמט דורך אַלעמען מיט די אויגן. ווי ער קומט אַריין, גייט דורך איבערן שאַפּ אַ „ששש" — אַלע נעמען זיך פלייסיקער אַרבעטן, ווערן שטיל און אַריינגעטון אין דער אַרבעט. ג ו י ד י האָט זיך געכאַפּט צו שפּעט, ווען גולד איז שוין געשטאַנען לעבן איר און זי דורכגעשטאָכן מיט די אויגן. איר געזאַנג רייסט זיך מיטאַמאָל איבער

ג ו ל ד

יו אַר העפּי.

גוידי ווערט רויט. אירע הענט גאַ דער אַרבעט נעמען ציטערן

ג ו ל ד

אַ שאַפּ, נישט קיין אָפּערע!

באַרקאַן

טומלען, לאָזן נישט אַרבעטן.

גולד

ווער?

באַרקאַן

זי. און אָט דער, דער גרינהאָרן.

מינע

שפּרינגט אויף

געמיינהייט!

גולד

קוקט זיך אַרום

וואָס?

קיינער ענטפערט נישט. גולד קוקט אויף מינען. טרעט אָפּ אויף צוריק

גולד

צו באַרקאַנען, אַנווייזנדיק מיט דער האַנט אויף דער מאַשין, וואָס לעבן באַרקאַנען, און וואָס שטייט נאָך ליידיק

ווו איז ראַיע?

באַרקאַן

נישטאָ זי נאָך. פונוואַנען זאָל איך וויסן?

גולד גייט אָפּ צו דער קאַטער-אָפּטיילונג. אין דער זעלביקער צייט קומט אַריין אויך וואָלף. דרייט זיך אַרום, זוכט צווישן די פּעק סחורה. היימי און פיליפּ, דערפילנדיק גולדס קוק, הייבן אָן

פלינק צו ארבעטן. איבערהויפט פיליפ — ער טאנצט אזש אונ-טער, קלאפנדיק מיט דער שער. לייבל האלט אין אויסשפרייטן שטיקער שטאף, אויסלייגנדיק זיי איינס אויפן צווייטן. גולדן, זעט אויס, בעפעלט נישט ווי לייבל מאכט עס

גולד

שטייענדיק מיט די הענט אין די קעשענעס, מיט א קאלט קול

פלינקער, לואי. גלייכער.

לייבל גיט א צאפל, אבער קערט זיך נישט אום אפילו צו גולדן, טוט זיך זיין ארבעט ווייטער

גולד

איך רעד דאך צו אייך, לואי.

לואי איגנארירט ווידער און קערט זיך נישט אפ

פיליפ

מיט היץ

מיסטער גולד רעדט דאך צו אייך!

גולד

קומט צו אהער, לואי.

לייבל קערט זיך אלץ נישט אפ. אלע איבעריקע שפיצן אן די פנימער

גולד

בלייך

לואי!

לייבל איגנארירט

פיליפ

ער ענטפערט נישט, אַז מען רופט אים לואי.

גולד

וואָס ? צו וואָלפן וואָס באַטייט עס ? איך וויל דאָ נישט קיין משוגעים הויז. ס'איז אַ שאָפּ. מיסטער באַרקאַן ! באַרקאַן איילט צו ס'איז אייער קוזין ? איך וויל נישט אַזוינע. איך רעד צו אים און ער ענטפערט נישט.

באַרקאַן

לואי, ביסט פון זינען אַרונטער ?

אַלעמענס פנימער, אויך פון דער צווייטער אָפּטיילונג, זענען אָנגעשטרענגט. בוידי שפּרינגט אָפּ פון איר מאַשין. לייבל טוט זיך זיין אַרבעט און קערט זיך נישט אום מיטן פּנים

גולד

צו וואָלפן

שיקט אים אַרונטער. וואַרפט אים אַרויס פון שאָפּ.

לייבל

קערט זיך מיטאַמאָל אום. ייִנגלשדיק, כמעט וויינענדיק

מיין נאָמען איז נישט לואי. מיין נאָמען איז לייבל. איך האָב פיינט, אַז מען רופט מיך לואי. איך ענטפער נישט אויף לואי, איך ענטפער נישט.

באַרקאַן

וואָס הייסט ?

לייבל

מיט געשריי

איך האָב הונדערט מאָל געבעטן מען זאָל מיך נישט רופן לואי.

איך האָב עס פיינט. איך קען נישט פאַרטראָגן. . . זיי מיינע אַלע, אַז ס'איז אַ שפּאַס. אַז איך בין ערשט זעקס מאָנאַטן אין לאַנד, קענען זיי זיך לוסטיק מאַכן איבער מיר. איך וועל נישט דערלויבן. איך האָב אַן אייגענעם נאָמען. איך האָב פיינט לואי. איך וועל געבן מיט אַ שער אין קאָפּ.

באַרקאַן

ביסט אַ גרינֿהאָרן. מיסטער גולד רעדט צו דיר און דו ענטפערסט נישט.

אָפּ צו זיין טיש

לייבל

אין אַז מיסטער גולד, איז וואָס ? יאָ, איך בין אַ גרינ־האָרן.

גולד

צו וואָלפן

האַנדלט איר מיט זיי.

אָפּ

וואָלף

אויף מיין לעבן נאָך נישט געזען אַזוינס.

היימי

אויף וואָס אַ מענטש קען זיך עס אייַנעקשענען. אויף אַ נאָמען. אַ טייערע מציאה — אַ נאָמען, און וווּ ? -- אין אַמעריקע ! מען דאַרף משוגע זיין. אויף בילעטן, כ'לעבן.

פילים

שוין איינמאָל אַ טעאַטער !

גוידי

אויף איר פּלאַץ צוריק

בראַוואָ, לייבל

וואָלף

האַסטיק צו גוידען

נאַר טומלען!

גוידי גיט אַ קוק אויף וואָלפן, קען זיך נישט איינהאַלטן פון לאַכן

וואָלף

וואָס בין איך אייך?

גוידי

דאָס, וואָס איר זענט.

וואָלף אַן אויפגעלאָפענער אָפּ, נישט זאָגנדיק גאָרנישט

שלמה־חיים

וועסט פאַרלירן דעם דזשאָב, גוידי, אַזוי ווי לייבל.

גוידי

וועלן מיר טון אַ שידוך ביידע.

בער

וואָס וועט זאָגן פיליפּ?

גוידי

געזען אַזוינס. ער וויל אויך נאָכמאַכן גולדן, אַלע ווילן באָסעווען.

אַלע. איך זאָל אים זאָגן — וואָס איז ער מיר. אַ גודניק — אָט וואָס ער איז.

מען ארבעט

ב ע ר

דערציילט עפּעס, ר׳ שלמה־חיים, איינע פון אייערע מעשהלעך.

ש ל מ ה ־ ח י י ם

אַך, וואָס רעדט איר.

ב ע ר

איר האָט דאָך אַ סך מעשהלעך.

ש ל מ ה ־ ח י י ם

נישט קיין גוטער טאָג היינט צו דערציילן.

ב ע ר

פאַרוואָס נישט קיין גוטער?

ש ל מ ה ־ ח י י ם

איר זעט דאָך. אַ שלעכטער טאָג. אַ שווערער.

ב ע ר

זאָגט מיר, ר׳ שלמה־חיים, אין גן־עדן וועלן מיר אויך אָט־אַזוי־אָ שטיין גאַנצע טעג און פּרעסן קליידלעך?

ש ל מ ה ־ ח י י ם

אַך, לאָזט געמאַך —

ב ע ר

צי אין גן־עדן וועלן וואַקסן קליידלעך אויף דיביימער אויסגע־פּרעסטע שוין?

שלמה־חיים

אַפּריער באַוואָרנט זיך מיט אַ פּלאַץ אין גן־עדן —

בער

וואָס, מיך וועט מען נישט אַריינלאָזן אין גן־עדן? אויף צוויי פּאַר פערד וועל איך אַריינפאָרן. —

אַלע לאַכן

אין דער צייט איז אַריינגעקומען ראַיע, אַן אַלטע מויד מיט אַן אויסגעהאָרעוועט, קרענקלעך, כאָטש נישט מיאוס, פּנים. זי קומט צו צו איר מאַשין. גריסט זיך נישט מיט קיינעם. מען זעט, אַז זי איז נישט אויפגעלייגט. גייט צו צו באַרקאַנען. באַרקאַן, זעט מען, פילט זיך עפּעס נישט גוט, ווען זי קומט צו

ראַיע

שטיל, דורך די ציין

איר האָט דאָך צוגעזאָגט פאַרפאָרן נאָך מיר מיט דער מאַשין.

באַרקאַן

איך האָב פאַרגעסן.

ראַיע

איך זיך און וואַרט און וואַרט, ווי אַ גולם. אַ שטונדע צייט.

באַרקאַן

ס'איז מיר פון זינען אַרויס.

ראַיע

מיט טרערן

ווי טוט עס אַ מענטש אַזוי?

באַרקאַן

נישט איצט, ראַיע, איך בעט אייך.

ראַיע

פאַרצווייפלט

איצט, נישט איצט — אַלציינס.

באַרקאַן

נישט אין שאַפ, ראַיע.

פיליפ

ווי אַלטע מויד זעגט שוין.

באַרקאַן

פליז, ראַיע.

ראיע

איר פייניקט מיך!

גיט זיך א זעץ אנידער לעבן איר מאשין מיט א היסטעריש געוויין.

איבערן שאַפ לויפט דורך א ציטער

באַרקאַן

אַרבעט, אַרבעט. ס'איז גאָרנישט. צו ראַיען ששש... ראַיע.

ראַיע פארשטיקט זיך, זיצט מיט א געבויגענעם קאָפ

וואָלף

לויפט אריין

וואָס איז דאָ געווען?

באַרקאַן

גאָרנישט, מיסטער װאָלף.

װאָלף

צו ראַיען

אַזוי שפּעט.

גױדי

שפּעט, שפּעט, שפּעט.

װאָלף

צו גױדין

איך רעד נישט צו אײך. שװײגט. קוקט זיך אַרום אין אַלע זײטן אין פּאַרלױרנקײט. גײט צו פּלוצלינג צו מינען װאָס קוקט איר אױף מיר אַזױ? װאָס?

מינע

דערשראָקן פון פּלוצלינגדיקײט

װאָס װילט איר?

װאָלף

אָן קאָנטראָל איבער זיך

איך װיל דאָס נישט לײדן. דאָס איז שדים װײסן װאָס. איך װעל נישט פאַרלײדן.

מינע

מיסטער װאָלף, איר זענט פון זינען —

װאָלף

מיט קולות

װאָס זינען? װער זינען? איך װעל אײך אַלעמען אַרױסיאָגן פון

דאַנען. איך קען אייך. איך קען אייך. פאַרשטאַמלט זיך אַז—אַז—אַ איך בין נאָר אַ באָס, און נישט מער, האָב איך אַ רעכט צו שרייען, האָב איך אַ רעכט מיר זאָל נישט געפעלן זיין אייער אַרבעט. כאַפּט און שליידערט צו דער ערד שטיקער ארבעט מינעס געפעלט מיר טאַקע נישט אייער אַרבעט. געפעלט מיר נישט. גרויסע, לאָמע שטעך, טויג אויף צע טויזנט כפרות.

גיט אַ שמיץ די אַרבעט אָן מינעס מאַשין און לאָזט זיך צום אַרויסגאַנג. אַלע זענען איבערראַשט פון אַזאַ אויסברוך מצד וואָלפן. מיטאַמאָל שפּרינגט אַרויס ליפּמאַן, לאָזט זיך לויפן נאָך וואָלפן, פאַרלויפט אים דעם וועג, און מיט אַ בלייך פּנים שרייט ער אויס

ל י פּ מ אַ ן

שטייט, זאָג איך.

ו ו ו ל ף

וואָס איז?

ל י פּ מ אַ ן

איר זאָלט שוין אומקערן זיך און בעטן אַנטשולדיקונג.

ו ו ו ל ף

וואָס?

ל י פּ מ אַ ן

די מינוט זאָלט איר עס טון.

כאַפּט אָן וואָלפן פאַרן לאַץ

עס ווערט אַ טומל, היימי און פיליפּ שלעפּן אויף צוריק ליפּ-מאַנען

ו ו ו ל ף

שטאמלענדיק און פארלוירן

זאָל זיין שטיל.

ל י פ מ אַ ן

האָט נישט מורא. איך האָב נאָך מיין האַנט אויף קיין מענטש נישט געהויבן. כאָטש ער האָט עס פאַרדינט.

ו ו ו ל ף

איר נעמט זיך אָן פאַר אייער שכנטע, זי האָט אַליין א מויל. . .

מ י נ ע

לויפט צו, כאפט אָן ליפמאַנען פאר א האנט

גייט צו אייער מאַשין.

ל י פ מ אַ ן

רייסט ארויס זיין האנט מיט כעס

בעט מיך נישט. אַ יאָר צייט שוין, אַז איך אַרבעט דאָ. איר מיינט אייך אַלע — אָט אַ מענטש אַ שווייגנדיקער, אים גייט קיין זאַך נישט אָן. אייך גייט קיין זאַך נישט אָן! מיר גייט אָן. אָט ווי אַ קנויל צערייסט זיך, אַזוי צערייסט זיך אין מיר דאָס שווייגן. צום טייוול, אַ כאַפּ טון אָט אַזוי־אָ אַ פּרעסל און אין אַ שויב אַריין . . . לויפט אַרום אַ באַלעבאָס. און שרייט מיט אַ קראַנקען געשריי. איך ווייס דאָך אייער געשריי, איך ווייס דאָך.

ו ו ו ל ף

וואָס ווייסט איר?

### לי פּ מ אַ ן

טרעט צו צוריק צו זיין מאַשין, זעצט זיך נישט. רעדט שטייענדיק, קוקנדיק ערגעץ ווי אין אַ פּוסטקייט אַריין

עס מוז דאָך אויפרייסן. עס מוז דאָך! ווער זענען מיר אַלע? זיצן ווי די גולמס מיט די קעפּ צו די נאָדלען. אַלע. און ווער איז ער. דער באָס, כּלומרשט? אַ פּאַרלוירענער. אַ שטאַמלדיקער, אַ נישט.

### וו ו ל ף

רעדט, איך שרעק מיך נישט.

### לי פּ מ אַ ן

איר שרעקט זיך יאָ. שטענדיק. שטענדיק. אויך איצט האָט איר מורא. באַליידיקונג — אָט וואָס איר זענט פאַר מיר. פאַר אַלעמען. אין אייך קלאָגט אַ פּאַרוויסט לעבן. אונזער פּאַרוויסט לעבן. מיט אַן אַנדערן באָס קען מען קעמפן. מיט אייך קען מען דאָך אפילו נישט קעמפן.

### וו ו ל ף

קעמפט.

### לי פּ מ אַ ן

קעמפן — מיט וועמען? מיט אונזער אייגענער באַליידיקונג? איר זענט אונזער אייביקער דורכפאַל. איר וועט אייביק זיין אונזער דערמאַנונג, אונזער בטול, און מיר וועלן אייביק זיין געשלאָגן. אייער קראַנקער געוויסן שלאָגט נישט אַזוי אייך, ווי אונז.

וואָלף שווייגט

### לי פּ מ אַ ן

אַ סך געוועזענע רעוואָלוציאָנערן, ווי איר, זענען געוואָרן בייזע קרענקלעכע באָסעס, נו, מען אַרבעט, מען שווייגט — שווייגט אויך! כּעס דען קלייבט זיך אין מיר? נישט כּעס, נאָר אומזין. אונזער

אַלעמענס אומזין. — טאָ שווייגט אַז מיר שווייגן. איך זיץ שוין איבער אייערס אַ מאַשין העכער אַ יאָר. און אַלע האַלטן אין איין קייען אייער נאָמען, אייער אַמאָליק רעוואָלוציאָנער לעבן, עס עקלט אַזש. ווייזט אויף ראיען און אָט זיצט זי און כליפּעט, ווי איינע, וואָס האָט פאַרשפּילט איר לעבן. און אָט זיצט נאָך איינע ווייזט אויף מינען און בייסט די ליפּן.

ר אַ י ע

מיט געוויין

איך בעט אייך וועגן מיר נישט רעדן.

ל י פּ מ אַ ן

איר זאָלט זיך שוין אַנטשולדיקן פאַר מיס גערמאַן.

שפּרינגט ארויס ווידער פון זיין פּלאַץ

מ י נ ע

שפּרינגט אויך אויף

איך וויל נישט זיין אַנטשולדיקונג.

ל י פּ מ אַ ן

אויסער זיך

איך פאָדער.

מ י נ ע

שטעלט זיך צווישן ליפּמאַנען און וואָלפן, מיט באַפעלנדיקן טאָן צו ליפּמאַנען

איך הייס אייך גיין צוריק צו אייער מאַשין.

ליפּמאַן זעצט זיך צוריק אויף זיין פּלאַץ. מינע קוקט שאַרף און שטום אויף וואָלפן. וואָלף אַ וואַקלדיקער, אַ טויט-בלאַסער, שאַרט

זיך ארויס פון שאפ. מינע גייט צו צו איר מאשין, שטייט א געלײמטע לאנג, ניט א זעץ מיט דער האנט אן מאשין און שרייט אויס: „אט אזוי וועט עס בלייבן? ביזוואנען?״ אלע שפּרינגען אויף מיט צארן. ערשטער אפרייטאר טוט א קלאפּ מיט דער שטול און שרייט אויס: „ביזוואנען? א כאליערע אין די זייטן!״ אין דעם קומט אריין גולד. מיט קאלטע, שארפע אויגן, שטום און פארריסן, בלויז מיטן קוק נאר, צווינגט ער יעדן ארונטער־צוזעצן זיך און אנהייבן ארבעטן. די לעצטע זעצט זיך ארונטער מינע. די סצענע שפּילט זיך אפּ שטום. מאשינען רוישן.

## פ אָ ר ה אַ נ ג

# צווייטער אקט

אויפן דאַך פון דער געביידע פון שאַפּ. אין מיטן צוויי גרויסע פיר-קאַנטיקע קוימענס. דער דאַך האָט ארום זיך א נידעריקע אַרומצוימונג. פון אַלע זייטן שטרעקן זיך ווענט פון אנדערע געביידעס-שעפּער. אין הינטערגרונט — דעכער און טורעמס פון דער שטאָט. מיטאָג-צייט. צווישן צוועלף און איינס. די אַרבעטער פון שאַפּ קומען אַרויף אהער פאַרברענגען. ווער עס עסט דאָ זיין עסן, ווער עס קומט אַרויף, נאָכדעם ווי ער האָט ערגעץ אַנדערש-ווו אָפּגעגעסן. מען כאַפּט דאָ א שמועס, אַ טענצל. פון די פענצטער פון די אַנטקעגנדיקע שעפּער קוקן פון צייט צו צייט אַרויס קעפּ-לעך פון בחורים און מיידלעך, מאַכן מיט די הענט און פלירטעווען. ווען דער פאָרהאַנג עפנט זיך, זיצט אַ גרופּע אָפּערייטאָרס הינטער די קוימענס און עסט. יעדער פאַר זיך מיט אַ פּעקעלע. צום פאָרגט צו, אויף דער זייט קוימען, האַרט צו דער וואַנט, זיצט ליפּמאַן, די קני אויפגעשטעלט און דער קאָפּ פאַרוואָרפן אויף די קני. לעבן אים ליגט עפּעס אַ פּעקל, א נגעדרייט אין אַ צייטונג. לייבל שטייט אין אַ ווינקל מיטן פּנים צו דער שטאָט.

ערשטער אָפּערייטאָר

עסט און ווינקט מיט אַ האַנט צו אַן אַנטקעגנדיק פענצטער, פונוואַנען עס קוקן אַרויס פּנימער פון מיידלעך

וואַרט אַ ווײַלע, זיסע עפּעלעך, איך וועל אַראָפּשלינגען פריער מיין אוגערקע.

צווייטער אַפּרייטאָר

די עפּעלעך קענען נישט וואַרטן. זיי קענען זיך שוין נישט איינ־האַלטן.

דריטער אַפּרייטאָר

בענני איז שוין דאָ מיט זיינע חכמות.

ערשטער אַפּרייטאָר

שטעלט זיך אויף, שיקט לופט־קישן

צווייטער אַפּרייטאָר

קוש פאַר אונז אַלעמען.

דריטער אַפּרייטאָר

פאַר מיר נישט.

צווייטער אַפּרייטאָר

ער קען אַליין קושן.

דריטער אַפּרייטאָר

נישט צעלאָזן אַזוי די צינגער —

צווייטער אַפּרייטאָר

אַ צונג איז נישט קיין נאָדל — וועט זיך נישט איבערברעכן —

ערשטער אַפּרייטאָר

און אַרבעט נישט אויף עלעקטריק, מען זאָל דאַרפן שפּאָרן — שרייט העי, וואָס אַנטלויפט איר, מיידעלעך — העי, פּאָותלעך, ליפּעלעך...

דריטער אַפּרייטאָר

גענוג, אָט זיצט ליפּמאַן.

ערשטער אָפּרייטאָר

נו, זיצט ער. אַרויסגעשפּרונגען קעגן מיסטער וואָלפן; וואָס־ווער־וועמען? — און אָט ווידער שטום. אַזוי פיל צדקות! אײ־אײ! גע־רעדט — וואָס? שטאַמלעניש. מיט אַ באָס דאַרף מען רעדן האַר־טע רייד —

דריטער אָפּרייטאָר

נו, איך בין אַ בעלן צו הערן —

ערשטער אָפּרייטאָר

איך האָב פיינט פוילע שטיק. אַז מען וויל אַ קאַוואַליער זיין! איך, הייסט עס, שטעל זיך איין פאַר אַ ליידי. ווי הייסט זי דאָרט — מינע. איכל אין די אויגן זאָגן צו ליפּמאַנען צו אַ באָס דאַרף מען רעדן האַרטע רייד.

ליפּמאַן

וואָס מיינט איר?

דריטער אָפּרייטאָר

סטאָפּ!

ערשטער אָפּרייטאָר

איך בין אַ פּראָסטער חי־וקים. אַ מאַשין איז — וואָס איז אַ מאַשין? אָ כאָליערע איר אין די זייטן. און אַ באָס דאָסזעלביקע. איין כאָליערע איז ווייניק — און נישט אַזוי ווי איר, — אָנגעשטעפּט זיידענע שטעך — אָנגערעדט צימעס רייד.

ליפּמאַן

גייט צו אַלדי רוחות.

דריטער אָפּרייטאָר

בו, גענוג.

שלעפּט דעם ערשטן צוריק

ליפּמאַן

איר רעדט נאָך? שווייגט בעסער אַלע. רייסט זיך ווי די קעץ פּאַר באַנדלס. מיט די נעגל אין פּנים. שלינגט איין דעם שאַפּ מיט די מאַשינען מיט די געדערים צוזאַמען.

ערשטער אָפּרייטאָר

צדיק! גיסט מיט בוימל; צו די פענצטער מיידעלעך, ווי זענט איר, קוקלעס — לישייעס אייך אויף די ליפּעלעך. צו לייזערן, וועלכער איז אַרויפגעקומען האַלאָ, מיסטער לייזער, וואָס הונגע-ריק?

צווייטער אָפּרייטאָר

ווען איז מיסטער לייזער זאַט?

ערשטער אָפּרייטאָר

אויף מיסטער וואָלפן געזאָגט געוואָרן.

לייזער

טשעפּעט נישט וואָלפן, ברידערלעך.

ערשטער אָפּרייטאָר

בעל-טובה אייערער, אַ כאַליערע אין די זייטן. היט אים דעם שאַפּ. היט אים. און געהאַלט — קדחת גיט אים ברויט עסט.

לייזער

אַ דאַנק, ברידערלעך. און וואָלפּן טשעפּעט נישט. שטיל אָט, מיסטער גאָלדן שאַנעוועט איר.

ערשטער אַפּרייטאָר

מיסטער גאָלד? — אוודאי. נו, יאָ. מיסטער גאָלד דרייט נישט מיטן פּיסק. מיסטער גאָלד זאָגט: הענטוּרעס — גיט אַרבעט. מיסטער גאָלד זאָגט: מאַשינען, מאַשינען. אוודאי — אַז סט׳קומען די צייט, וועט ער קריגן איבערן פּאַקעטל — אַ כאָליערע אין די זייטן אַריין; — אין דער — אייער וואָלפּל. — כע, כע, כע, מאַכט ער; קריכט נאָר אין סאָציאַליסטישע קאַמפּיינעלעך, סאָציאַליסט געוועזן — קראַנק צו צאָלן אייך געגנוג אויף עסן כאָטש —

לייזער

איך האָב צו אים קיין טענות נישט. איך בין שוין אַלט, קראַנק וואָס בין איך ווערט? און ער איז אַ ביזנעסמאַן. אַ דאַנק וואָס איך האָב כאָטש דעם שאַפּ וווּ צו שלאָפן.

דריטער אַפּרייטאָר

איר קענט זיך מיט אים פון סיביר טאַקע?

לייזער

אויפגעצאַפּלט

אָ! אָ! אוודאי. שייך רעדן. אָ, ברידערלעך. אין איין עטאַפּ געגאַנגען. סיבירער טראַקט. אַלעקסאַנדראָווסק. בוראַטישע סטעפּן. אַ יינג בחורל געווען. ער, וואָלף, אַ שיינער, אַ מאָלאָדיעץ.

דריטער אַפּרייטאָר

זינגט

דאָרט, וווּ עס קייקלט זיך די לענע —

לײזער

מיט טרערן

זינגט, ברידערלעך, אָט שטײט זי פּאַר מײנע אױגן, שלעפּ די פּיס די געשמידטע. שלעפּ. עך, מאַמעלע לענע. איר זידלט װעלפן — באָס. װאָס פּאַר אַ באָס? עך, עך. איך װײס בע־סער,

ערשטער אָפּרײטאָר

װאָס װײסט איר? מירן שטרײקן באַ אים. באַ אײערן. מיר שטרײקן באַ אײער מאַלאָדיעץ. נו, װאָס? װילט איר נישט קײן ברױט?

שפּאַרט אים נעמט, נעמט.

לײזער

נעמט און רוקט אין קעשענע

מען דאַרף גײן דעם שאַפּ אױסקערן.

לאָזט זיך גײן

ערשטער אָפּרײטאָר

איז װי געפעלט אײך עפּעס אַמעריקע, מיסטער לײזער? װאָטשמאַן באַ קאַפּיטאַל זײן?

לײזער

לאַכט, לאַכט.

אַפּ

דריטער אָפּרײטאָר

זינגט

דאָרט שטײט זיך אַ קלײנינקע יורטע —

ראַשיקע קלאַנגען פון דזשעז דערטראָגן זיך פון ערגעץ

צווייטער אָפּרייטאָר

וואָס יורטע — ווער יורטע ? — אָט !

צעלאָזט זיך אין א טופעריי

ערשטער אָפּרייטאָר

און אַז מיר וועלן שטרייקן -- איז וואָס וועט ער טון דער מאָ־לאָדיעץ אייערער ? ער וועט ברענגען שטאַרקע אַ טקעגן אונז ; יעס, סער ! איינער האָט אַ שאַפּעלע. און דער צווייטער איז אַ שומרל פון שאַפּעלע — העי, מיידעלעך, פּראָלעטאַרישקעס, מירן אַרויס אין שטרייקעלע — וועט זיין צייט פאַר אייך, קוק־לעס.

דריטער אָפּרייטאָר

מען וועט אַרויס, מען וועט אַרויס. פאַרפוילט ווערן — וואָס ? אָבער אַ שאַפּ איז דען באַ אונז ? אַ ווייבערישע שול. קיידיס מיט סיידיס.

ערשטער אָפּרייטאַר

שלעפּן זיי פאַר די האָר אין שטרייק אַריין

דריטער אָפּרייטאָר

אונזערע מענער קענען אויך פיין אַ סקעב טון —

ערשטער אָפּרייטאָר

נישט דערלעבן ! ער ציט זיך אויס כאַפּן אַ שלאָף, ברי־דער.

די איבעריקע ציען זיך אויך אויס

מינע קומט ארויף. וויל צוגיין צו ליפּמאַנען, האָט חרטה און לאָזט זיך ביין אויף צוריק. ליפּמאַן שפּרינגט אויף בלייך, זיינע ליפּן טרוקן

ל י פ מ אַ ן

איר זענט טאַקע ברוגז ?

מ י נ ע

שטאַרק.

ל י פ מ אַ ן

סטייטש !

מ י נ ע

אייער אַרויסשפּרינגען קייגן וואָלפן איז געווען לעכערלעך.

ל י פ מ אַ ן

איר אויך?

מ י נ ע

ערשט איך. יושר זוכט איר דאָ ? יושר מאָנען — באַס באַס ?

ל י פ מ אַ ן

שטיל

באַ וואָלפן —

מ י נ ע

איך זאָג — באַס, וואָס זאָגט איר מיר — וואָלף ?

ל י פ מ אַ ן

וואָלף האָט אייך ליב.

מ י נ ע

איך האָב אייך געבעטן דאָס נישט דערמאָנען פאַר מיר קיינמאָל.

ליפמאַן

מיך האָט אויפגעקאָכט. ער האָט אייך באַליידיקט.

מינע

ס'איז שאַפּ. אַנטקעגן שאַפּ דאַרף מען אַרויסשטעלן נישט קיין רייד, נאָר כוח. — אַזוינע אומזיסטע רייד גערעדט. באַליידיקונג... אין אַלץ זוכט איר מענטשלעכקייט; און דער סוף איז — איר ווונ־דיקט! — פון יעדן סאָרט איינשטעלן זיך עקלט.

ליפמאַן

אפילו ווען דו שטעלסט זיך איין פאַר אַ מענטש, וואָס דו האָסט ליב?

מינע

קוקט אויף אים לאַנג, צעלאַכט זיך מיט פרייד, גיט אים אַ ציִ פאַר די הענט צו זיך

גוט אַזוי, ליפמאַן, גוט.

ליפמאַן

און פונדעסטוועגן קריגט איר זיך שטענדיק מיט מיר אַרום.

מינע

אין שאַפּ וועל איך זיך מיט אייך אייביק קריגן. איר האַלט זיך ווי אַ פרעמדער דאָ, איר פאַרשטייט נישט, וואָס שאַפּ איז. בײַ אייך איז שאַפּ — אָדער צופאַל, אָדער אָנשיקעניש, און, אַלע מאָל, עפּעס אַ שטיק אומזין.

ליפמאַן

און וואָס איז שאַפּ פאַר אייך?

מינע

שטאַרק

קלאַס!

ליפּמאַן

יאָ, יאָ.

מינע

און — מאַכט!

ליפּמאַן רוקט זיך אַוועק צו דער וואַנט, דאָס פּעקל פון זיין האַנט פאַלט אַרויס

מינע

וואָס איז דאָ אין פּעקל?

ליפּמאַן

הייבט עס אויף, ווערט רויט. נאָך אַ שטילשווייגן

אייך אַ קלייד —

מינע

אָט דאָס קלייד. וואָס איר האָט געגנייט אין די מיטאָג־שטונדן?

ליפּמאַן

איר ווילט עס נישט?

מינע

ווי איר זענט מאָדנע.

ליפּמאַן

וואָס מאָדנע?

מינע

מיט צופרידנקייט

גוט אַזוי. פֿאַרקערט, מיר געפעלט עס.

ליפּמאַן

איר נעמט עס?

מינע

געוויס, געוויס.

## דריטער אַפּרייטאָר

ליגנדיק

אין געזאַלצענעם ים פון די מענטשלעכע טרערן
געפינט זיך אַ שרעקלעכער תּהום

ווערט שטיל

מינע

גייט צו צו לייבלען

וואָס שטייט איר אַליין די גאַנצע צייט?

לייבל

איך וויל זיין אַליין.

מינע

איר ציט שוין אָן אויף זיך אַזאַ עלנט.

לייבל

עלנט קומט אַליין.

מינע

איר זענט נאָך אַזוי ייִנג.

לייבל

איינגעעקשנט

נו, איז וואָס? — ייִנג, איז וואָס? אָט קריכן שפּיצן פֿון מויערן אין הימל אַריין — אין מיטן העלן טאָג. זענען זיי שוין אַלט. וואָס?

מינע

אָבער אויף וואָס קוקט איר אַזוי לאַנג דאָרט?

לייבל

שטאָט.

דערווייל איז אַרויפֿגעקומען ראַיע, געשטעלט זיך בײַ דער וואַנט, אַריבערגעבויגן זיך מיטן קאָפּ אַריבער

מינע

וואָס טוט איר? בייגט זיך נישט אַזוי.

ראַיע

ביטער

דאָס שוואַרצע יאָר וועט מיך נישט נעמען.

מינע

אָבער בייגט זיך נישט אַזוי. מען קען נאָך —

ראַיע

וועט מיין מאַשין פֿאַרנעמען אַן אַנדערע אַלטע מויד.

לויפֿט אַרונטער האַסטיק. מינע, לייבל, ליפּמאַן קוקן זי אָן דער־

שטוינטע. פון אנטקעגן — דזשעז. טאַנצנדיקע פּאָרלעך זעען זיך,
ווי באַוועגנדיקע שאָטנס

ל י י ב ל

אין דער לופטן אַריין

מען קען משוגע ווערן.

לאָזט זיך אויך אַרונטער צו גיין

מ י נ ע

פאַרהאַלט אים

וואָס איז אַזוינס, לייבל?

ל י י ב ל

צעטראָגן

אָט. קוקט. הערט. טאַנצט.

שאַ

ל י פּ מ אַ ן

אויפגעציטערט, פליסטערט

טאַקע משוגע צו ווערן, האַסטיק צו מינען **מיר רעדן** אַלע וועגן אַרבע־טער־קלאַס, סאָלידאַריטעט — און אָט, ראַיע — אַ קעלט גייט דורך איבערן האַרץ.

מ י נ ע

קוקט אים אָן שטרענג

אַ קעלט? יאָ. דער שאָפּ דאַרף טאַקע פייער אין די ביינער. אַ ריכטיקן שטרייק דאַרף ער.

ל י פּ מ אַ ן

וואָס קען העלפן ראַיען שטרייק?

מינע

וואָס איז ראַיע? ווער איז ראַיע? — איר גלייבט נישט אין אַר־בעטער־קלאַס.

ליפּמאַן

אויפגעעגט

אַך! גלויבן. וואָס הייסט? קוקט — טעמפּע גלייכגילטיקייט צום גורל פון צווייטן. איר אויך אַזוי.

מינע

האַסטיק, בייז

איר פּראָוועט רכילות.

ליפּמאַן

צוואָנציק יאָר, אַז זי זיצט באַם מאַשין — ראַיע. אַלץ פאַרשפּילט. וואָס איז איר לעבן? קבצנישער דאָרשט נאָך אַ שטיקל אָפּפאַל פון גליק. זוכט זי דאָס ביסל אָרעמע גליק. קען עמעצער זאָגן אַ שלעכט וואָרט, וואָס זי קריכט נאָך און בעטלט באַ אזוינעם ווי באַרקאַן? קוקט, ווי דער שאַף באַציט זיך צו איר?

מינע

דער שאַף איז גערעכט. דער שאַף האָט פיינט באַרקאַנען — האָט ער אויך פיינט ראַיען. זייער נאַטירלעך.

ליפּמאַן

אומזין. און אַז טויזנט גערעכטן? אַז צוואָנציק מיטאַמאָל נייען אַרבל. צי הוינן, זענען זיי שוין — וואָס? גערעכטי־קייט אַליין? דערפאַר ווייל זיי זענען צוואָנציק? אומזין. איר חוזקט, וואָס איך זוך מענטשלעכקייט — וואָס דען זאָל איך זוכן?

מ י נ ע

פעסט

ווען איר וואָלט נישט געווען ליפּמאַן פאַר מיר, וואָלט איך —

ל י פּ מ אַ ן

וואָס ?

מ י נ ע

פאַרהאַקט זיך

איך האָב אייך איינמאָל געזאָגט, אַז שאַפּ איז מאַכט. איך זאָג עס באָכאַמאָל. און ווערמעס מאַכט ? אונזערס, — ווען אַלע צוזאַמען. און שטרייק — אונזער יום־טוב, אויך, — ווען אַלע צוזאַמען. נישט אַליין זיין, ווי איר, נאָר אַ טייל פון אַ קלאַס.

ל י פּ מ אַ ן

און אַז קלאַס, מעג מען שוין דעם צער פון אַזוינער, ווי ראַיע, טרעטן אונטער די פיס ?

מ י נ ע

בלייך

ווען איר וואָלט נישט געווען ליפּמאַן פאַר מיר, וואָלט איך —

טוט אַ שמיץ דאָס קלייד, וואָס ליפּמאַן האָט איר געגעבן. אָפּ מיט האַסט, איבערלאָזנדיק ליפּמאַנען אין פאַרגאַפונג.

קיידי און סיידי קומען אַרויף, לאָזן זיך אַוועק טאַנצן, דרייען זיך לייכט, ווי פליגן, אַרום די קוימענס און די אַפּרייטאָרס. ליפּמאַן אַ צעטומלטער, מיט ווייטיקדיקן שמייכל אויפן פּנים, קוקט נאָך ווי זיי טאַנצן

ק י י ד י

אין טאַנץ

שלאָפן די קאַוואַליערן.

ס י י ד י

סאם קאַוואַליערן.

ק י י ד י

אַ ליכטיקער הימל, קוק.

ס י י ד י

און באַיעס אין פענצטער אין אַלע.

וואַרפן לופט־קושן

ק י י ד י

צו ליפּמאַנען

איר ווילט טאַנצן?

ל י פּ מ אַ ן

ניין.

ס י י ד י

און אפשר יאָ?

ק י י ד י

און אפשר ניין?

ס י י ד י

אפשר יאָ, אפשר ניין, אפשר יאָ —

דרייען זיך אין אַ רינג צו ליפּמאַנען

ל י פּ מ אַ ן

רוקט זיך מיט דער פּלייצע צום ארויסגאַנג

ניין, ניין.

ק י י ד י

מיסטער גולד — אַ שיינער, יאָ?

ס י י ד י

אָ, זייער.

ראַיע קומט אַרויף ווידעראַמאָל

ק י י ד י

זי איז שוין דאָ די אַלטע מויד.

ס י י ד י

נעכטן האָט מיך מיסטער גולד געפירט אַהיים מיט זיין מאַ־
שין.

ק י י ד י

היינט וועט ער מיך פירן.

ס י י ד י

הי איז איי דזשענטלמען.

ק י י ד י

אָ, איי בייס דזשענטלמען צו ראַיען מיט חוזק קומט טאַנצן.

ראַיע קערט זיך אַוועק פון זיי

ס י י ד י

טאַנצט מיט אונז, טאַנצט מיט אונז.

ק י י ד י

אפשר ביין, אפשר יאָ, אפשר ביין.

טאַנצן אַרונטער מיט חוזק־געלעכטער, באַגעגענען זיך אין טיר
מיט באַרקאַנען, שלאָגן זיך אָפּ אָן אים. שרייען אויס: בו. אָפּ

באַרקאַן

צו ראַיען נישט דרייסט

איך זוך אייך אַרום.

ראַיע

גאַליק

נו, געפינט מיך.

באַרקאַן

איר מאַכט, אַז דער גאַנצער שאַפּ זאָל מיך באַרעדן.

ראַיע

שטאַרקט זיך נישט צוזאַמענברעכן

מיר גיסט זיך בלוט פון האַרץ.

באַרקאַן

בלוט. בלוט. איך האָב פיינט אַזוינע רייד.

ראַיע

איך ווייס, איר האָט מיך פיינט.

באַרקאַן

נישט דאָס האָב איך געזאָגט.

ראַיע

איר דאַרפט שוין נישט זאָגן.

באַרקאַן

רעדט שטילער.

ר אַ י ע

עס שרייט אין מיר. איר פּייניקט מיך. איר האָט דאָך שוין געמאַכט פון מיר —

ב אַ ר ק אַ ן

הערט אויף.

ר אַ י ע

וואָס פאַרלאַנג איך דען? אַ ביסל ווייכקייט. אַ וואַרימען שמייכל.
מיט א פארשטיקט קול פאַר אַלץ, פאַר אַלץ, פאַר אַלץ.

ב אַ ר ק אַ ן

איר מאַכט אַ ווען פון אַזאַ קלייניקייט, וואָס איך האָב פאַרגעסן קומען נאָך אייך.

ר אַ י ע

און וואָס איז געווען נעכטן נאַכט? נעמט ארום איר קאָפּ איך ווייס, אַז ס'איז מיאוס, וואָס איך רעד אַזוי. אַ בעטלערין. אַ גאַנץ לעבן אין עלנטקייט באַ דער נאָדל, אַרויסגעקוקט אויף אַ מענטש. ערשט איר טראַכט זיך אויף - אַן אַלטע מויד, מען קען טון מיט איר וואָס מען וויל, און דערנאָך —

ב אַ ר ק אַ ן

לייגט ארויף א האנט אויף איר אקסל

איך בין נישט אַזאַ גזלן.

ר אַ י ע

אייער צוזאָג חתונה האָבן — וואָס וויל איך דען? אַן אייגן ווינקל, רו אַ ביסל.

בּאַרקאַן

איך האָב אייך אָבער געזאָגט: אַ פריער איינאָרדנען אַ ביזנעס פאַר זיך אַליין, מירן אַליין עפענען אַ שאַפ. איך האָב געטראַכט: דער סעזאָן קומט. ערשט, איר הערט דאָך, אַ שטרייק רוקט זיך גאָר.
קוקט זיך ארום טאָמער אַ שטרייק —

ראַיע

שפרינגט אויף

איך פאַרשטיי וואָס איר מיינט.

בּאַרקאַן

וואָס אַזאַ ציטער אויף אייך?

ראַיע

מיט שרעק

סקעבן?

בּאַרקאַן

איך האָב געוווסט, אַז איר וועט אַריינפאָרן מיט אייער פרומ-קייט.

ראַיע

אויסער זיך

מיר זענען אַרבעטער. כאפט אים אן פאר א האנט באַרקאַן!!

בּאַרקאַן

רייסט ארויס זיין האנט

איך זאָג פריער, איך וועל נישט שטרייקן.

אַפּ

ר אַ י ע

מיט די הענט אויפן קאָפּ

וווהין טרייבט מיך דערדאָזיקער מענטש?

עס קומט ארויף מינע, זעט ווי ראַיע שטייט מיט די הענט איבערן קאָפּ

מ י נ ע

וואָס איז אייך, ראַיע?

ר אַ י ע

לאָזט מיך.

אַפּ ארונטער. עס קומט ארויף וואָלף, מינע שפּאַנט ארום הין און צוריק

ו ו ו ל ף

ווי ער וואָלט זיך ווערגן.

איך וויל מיט אייך רעדן.

מ י נ ע

מיט אויגן צו דער ערד

רעדט.

ו ו ו ל ף

פאַרגיט מיר.

מ י נ ע

גיט א מאך מיט דער האנט

אַך!

ו ו ו ל ף

שנאה האָט דאָך אויך אַ גרענעץ.

מ י נ ע

לאָזט מיך צורו.

ו ו ו ל ף

פאַרוואָס אַזויפיל פאַראַכטונג?

מ י נ ע

אייך טוט עס וויי?

ו ו ו ל ף

יאָ.

מ י נ ע

איך האָב אייך אַרויסגעריסן פון מיין האַרץ.

ו ו ו ל ף

פון אַזויפיל ליבע —

מ י נ ע

מיט ציטער

גייט אַוועק!

ו ו ו ל ף

נו, אמת, איך האָב זיך צופיל אַריינגעצויגן אין ביזנעס, אין געלט. אַז דאָס גאַנצע פריערדיקע לעבן מיינס האָט זיך צעוואַקלט, פונאַנ־דערגעפאַלן. און איר זענט נישט געווען דאָ... איך בין געווען אַליין... וואָס האָב איך פון מיין געלט? איך שריי. מיין לעבן איז אויסגעליידיקט... אַ באָרדער באַ גולדן... אָן פריינט, אָן ליבשאַפט.

מינע

איר האָט דאָך אַ סך געלט — קויפט אייך ליבשאַפט.

וועלף

די ציין קלאַפּן אים

נו, פאַרקויפט זיך.

מינע

גייט אַוועק פון דאַנען.

וועלף

אַ וואַקלדיקער

איר האָט זיך אַריינגעשלייכט אין שאַפ צו מיר ווי אַ בייזע דער־מאַנונג. אַזוי ווי צו נעמען נקמה פון מיר.

מינע קערט זיך אַוועק, פאַרבאָרגט איר פּנים

וועלף

צוועלף יאָר זענען אַוועק פון דער צייט, וואָס מיר האָבן זיך צע־זעגנט אין דערפל דאָרט, אין סיביר. יאָ, אמת, ס'איז גרויס דער שפּרונג פון דעם, וואָס איך בין געווען אַמאָל און פון דעם, וואָס איך בין איצט. איך האָב מיך געלאָזט אַריינגעשלונגען צו ווערן פון דעם היגן לעבן. און דאָס היגע לעבן איז בייז, מינע, בייז און עסט אויף. גיט זיך אַ כאַפּ ניין, ניין, איך בעט נישט קיין אַנט־שולדיקונג. איך וויל זיך נישט פאַרענטפערן... יאָ, איך בין זיך מודה: איך האָב אָן אַלץ און אַלעמען פאַרגעסן. אפילו אָן אייך —

מינע

איז דאָך גוט. געקומען צום ריכטיקן תּכלית.

וואָלף

שטיל

אָבער זינט איר זענט אַרײַנגעקומען אין שאַפּ צו מיר, פֿיל איך, אַז אַלץ אין מיר ווערט צעריסן. מינע, איר זענט ווי אַ שווערד אויף מײַן האַלז. פֿרײַזע גורל, אָדער צופֿאַל האָט אײַך אַוועקגעזעצט בײַ מײַנס אַ מאַשין איר זאָלט אָטעמען אויף מיר מיט שׂנאה און פֿאַראַכטונג. צו וואָס זענט איר געקומען בײַטן בײַ מיר אַר־בעט?

מינע

מיט אַ בלײַך געזיכט

איר זעט פֿאַר מיר אַ באָס, ווי אַלע באָסעס.

וואָלף

הייס איך אײַך נישט קומען מער! זוכט אײַך אַ דזשאַב! קומט אין אָפֿיס, איך וועל אײַך באַצאָלן.

מינע

איר האָט נישט קיין רעכט מיך אַרונטערצושיקן.

וואָלף

שרײַט

איך האָב רעכט! איך האָב! לאָזט זיך צו דער טיר, בלײַבט שטיין נו, און אַז איך וועל זיך אָפּזאָגן פֿון שאַפּ?

מינע

קוקט אים אָן שאַרף

נישט צוליב מיר. צוליב זיך.

עס קומען אַרײַן היימי, פֿיליפּ, בער. פֿיליפּ מיט אַ האַרמאָשקע אין מויל. וואָלף אָפּ האַסטיק

היימי

קוק זיי אָן די אָפּערייטאָרס, אויסגעלייגט זיך ווי באַם טאַטן אין ווייַנגאָרטן.

בער

אויפשטיין. אויפשטיין.

פיליפ

טאַנצן.

שלעפּט די שלאָפנדיקע פאַר די פיס. יענע כאַפּן זיך אויף

ערשטער אָפּערייטאָר

אַ כאָליערע.

היימי

אָן־רופן די מיידלעך פון אַנטקעגן. מיסטער בער, איר זענט דאָך אַ בריה.

זיי אַלע דריי ווינקען מיט די הענט צו די אנטקעגנדיקע פענצ־טער. די אָפּערייטאָרס קומען אויך צו

בער

שרייט

שפּרינגט איבער אַהער. שטרעקט אויס זיינע אָרעמס איך וועל אייך אַריינכאַפּן אין מיינע ידים.

ערשטער אָפּערייטאָר

ידים פון אַ פּרעסער. ער וועט אייך אויספּרעסן, מיידע־לעך.

בער

דאָס אָפּערייטאָרל דברט שוין —

פ י ל י פּ

איך וויל טאַנצן, צו אַלדי שוואַרצע יאָר. צו מיינען איר טאַנצט?

מ י נ ע

נישט איצט.

גוידי לויפט ארויף אן אימפעטיקע קייכנדיק פון געלעכטער

פ י ל י פּ

גוידי, גוידי — טאַנצן.

ג ו י ד י

אַי מיינע זייטן! איך וועל עס נישט אויסהאַלטן. אַזוינע יאָלדן.

אַ ל ע

וואָס? וואָס?

ג ו י ד י

אין אימפעט פון לאכן

צוויי נייע אָפּרייטאָרס באַ אונז. אַ פּאָר טעג ערשט. אַ יינגערמאַן און אַ יינג ווייבל. פרעמדע איינע צו די אַנדערע.

ע ר ש ט ע ר אָ פּ ר י י ט אָ ר

זיי זיצן דאָך לעבן מיר. נו? נו?

ג ו י ד י

מיינען מיר, אַז זיי קענען זיך נישט איינער מיטן צווייטן, ערשט — איך גיי אויסגעפינען אַ שטיקל וואַרע צווישן די פאַר־שטעלטע טישן, איז וואָס מיינט איר? — זיי זיצן זיךביידע אונ־

טער אַ טיש אַרומגענומען, און קושן זיך... דער גאַנצער שאַפּ איז אויף.

עס לויפן ארויף א יינגערמאַן און א יינג ווייבל פּארסאפּעטע, און אלע פון שאַפּ נאָך זיי. אויך לייבל, טומל, געלעכ־טער

יינג ווייבל

צו גוידין

מרשעת.

גוידי

דרייט זיך און ליארמט

יאָלדן אַזוינע. אַז מען וויל זיך קושן מיט אַ פרעמדן מאַן, דאַרף מען זיך באַהאַלטן אונטער אַ טיש? יאָלדן.

יינג ווייבל

בישט קיין פרעמדער. ער איז מיין מאַן.

גוידי

אייער מאַן? און איר קושט זיך מיט אים אונטערן טיש? הוראַ!

גרויס געלעכטער

יינג ווייבל

אַ באַנטש מיט מערדער! —

מינע

פאַרוואָס האָט איר טאַקע געדאַרפט פאַרלייקענען, אַז איר זענט מאַן און ווייב?

### יינג ווייבל

איך האָב נישט געוואָלט מען זאָל וויסן, אַז איך גיי אַרבעטן נאָך דער חתונה. איר ווייסט דען נישט, וואָס שאַפּ איז? ס'איז דאָך אַ וואַלד מיט גזלנים. איך האָב נישט געוואָלט, מען זאָל וויסן, אַז מיין מאַן קען נאָך נישט מאַכן קיין לעבן. איר זעט דען נישט — אַרבעטער זענען דאָס? בלוט-צאַפּער. וויינט, טײַטלט אויף גוידין זי איז שולדיק.

### יינגערמאַן

צו גוידין

ווען איר זענט נישט קיין פרוי, וואָלט איך זיך מ'ט אייך אָפּגערעכנט
נעמט דאָס ווייבל פאַר א האַנט קום פונדאַנען.

### לייבל

האַסטיק צו גוידין

איך האָב געמיינט, איר זענט בעסער, ערשט איר זענט די זעלבע
ווי אַלע.

### גוידי

צעטומלט

לייבל, וואָס?

### לייבל

מען טאָר אייך נישט ליב האָבן.

אָפּ

### פּיליפּ

איך אַ מענטש!

היימי

פיליפ און לייבל וועלן גיין אויף אַ דועל.

מינע

איר האָט געטון שלעכט, גוידי.

גוידי

לויפט צו צום ווייבל מיט געבעט

פליז, פליז, איך האָב גאָרנישט געמיינט --

ווייבל

שטויסט זי אָפּ פון זיך מיט כליפּעניש

שלאַנגען!

פּאָרל אָפּ. גוידי שטייט אַזוי ווי זי איז אויך גרייט פונאַנדערצע-
וויינען זיך

פיליפּ

שפּייט אויף דעם, גוידי.

גוידי

צו פיליפּן

אַוועקט.

פאַלט צו צום קוימען און צעוויינט זיך

מינע

וויינען איז נישט נייטיק, גוידי.

פיליפּ

וואָס האָט איר זיך צעיאָמערט? מען וועט היינט נישט טאַנצן גאָר?
קיידי! שפּילט אויף דער הארמאָשקע קיידי! קאָם אַן!

קיידי און סיידי נעמען טאנצן. די מערסטע נאָך זיי. אין דער
צייט פון טאנצן קומען ארויף אויך ליפמאַן און ראַיע און באַר־
קאַן, נעמען נישט קיין אָנטייל. אונטערן ריטם פון טאַנץ קען
זיך גוידי נישט צוריקהאַלטן. איר קערפער נעמט, נישט ווילנדיק,
זיך באַוועגן, זי רייסט זיך אָפּ פון איר פּלאַץ און לאָזט זיך אויך
אַוועק. פיליפ כאַפּט זי און צעטאַנצט זיך מיט איר

פ י ל י פּ

אָט אַזוי, גוידי, אָט אַזוי.

ל י י ב ל

לויפט פּלוצלינג ארויף מיט א צייטונג אין האַנט און שר־ט א
צעפּלאַמטער

שטרייק! דזשענעראַל־שטרייק!

עס ווערט שטיל. בער רייסט די צייטונג פון לייבלס האַנט

ב ע ר

מאָרגן; הוראַ!

אַלע הייבן אויף א גרויס הורא

פ י ל י פּ

וואָס אַזוינס די שמחה?

מ י נ ע

אוודאי אַ שמחה, אַ גרויסע.

ב ע ר

אוי, וועט מען כוואַשטשען.

ערשטער אָפּרייטאָר

אָנשאַרפן אָט די צוויי באָמבעלעך.

הייבט זיינע פויסטן

היימי

מען דאַרף פונדעסטוועגן דורכשמועסן זיך.

מינע

ס'קען דאָך גאָר קיין צווייפל נישט זיין, אַז מיר וועלן אַלע אַרונטער אין שטרייק —

היימי

יאָ, אָבער —

דריטער אָפּרייטאָר

אָט האָט איר אייך שוין אַן אָבער, — אונזער שאַפּ איז דען אויך אַ שאַפּ? — אַ ווייבערישע שול.

היימי

ווען איר וואָלט דאַרפן געבן עסן אַ ווייב מיט פיר קינ-דער —

ערשטער אָפּרייטאָר

באַגראָב זיי.

באַרקאַן

אָט האָב איך נישט קיין קינדער, פונדעסטוועגן פאַרלאַנג איך אויך מען זאָל באַ מיר אַ פריער פרעגן — צי דאַרף מען איצט שטרייקן.

ד ר י ט ע ר אָ פּ ר י י ט אָ ר

נישט אַנדערש? מען זאָל קומען אייך פּערזענלעך פרעגן?

ב ע ר

קוקט אים אָן דעם יחוס!

ב אַ ר ק אַ ן

מען פרעגט באַ קיינעם נישט אָן און מען באַשליסט ז״ך.

ע ר ש ט ע ר אָ פּ ר י י ט אָ ר

נו, אדרבא, שטרייקט נישט, וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ, דע־זיינער. נעמט אַרונטער די היטלען פאַר אים, מיסטער באַרקאַ־נונו.

ב ע ר

מאָרגן וועלן אַלע שעפער גענעצן.

ד ר י ט ע ר אָ פּ ר י י ט אָ ר

און מיר — אין פּיקעט ליין.

ל י י ב ל

און זאָל עמעצער פּרוּוון סקעבן.

ב ע ר

אַנו! זאָל ווער פּרוּוון —

ג ו י ד י

מיר וועלן נישט לאָזן סקעבן. לייבל, איר זענט דאָך שוין נישט אין כּעס אויף מיר כאַפּט אים אַרום באַיעס, פריילעך זאָל זיין, וואָס געווען איז געווען. איצט איז אַנדערש. יום־טוב. איך האָב ליב שטרייקן.

בער

הוראַ פֿאַר קווין גוידי!

חברה כאַפּט גוידין, הייבן זי אין דער לופֿטן

גוידי

מען דאַרף אויסקלויבן געזונטע חברה אויף פּיקעטן.

ראַיע

וועלכע איז געשטאַנען גאָר אַן אַ זייט

אַלע זאָל פּיקעטן.

באַרקאַן

מורמלט

מישט זיך נישט.

ראַיע

איך זאָג — אַלע זאָלן פּיקעטן!

מינע

אמת, גערעכט. אַלע.

קיידי

פֿון מיינעטוועגן — אַי דאָן קער.

סיידי

אַי דאָן קער טו.

גוידי

ערשט איצט קומט טאַנצן. אויף אַן אמת, לייבל, מיט מיר טאַנצן?

ל י י ב ל

טוט אַ כאַפּ גוידין און לאָזט זיך אַוועק אַ שווינדלדיקס

יאָ, גוידי.

אַ ל ע

אַפּלאָדירן

ג ו י ד י

איר אויך, אַלע.

מ י נ ע

איצט טאַנץ איך אויך. טאַנצט מיט מיר, ליפּמאַן.

ליפּמאַן רוקט זיך אויף צוריק

מ י נ ע

איך בעט אייך —

נעמט אים אַרום שטאַרק, ליפּמאַן מיט פרייד גייט איר נאָך טאַנצן

ע ר ש ט ע ר אָ פּ ר י י ט אָ ר

האַ! ניו־יאָרקעלע, קוקט, אַ שטעטעלע! —

אַלע טאַנצן מיט גרויס אימפּעט. פון ווייטע געביידעס שטורמט דזשעז און אויך הורא־געשרייען

ל י י ז ע ר

קומט אַרויף

מיסטער וואָלף האָט געהייסן זאָגן, אַז ס'איז שוין איינס דער זייגער. מען דאַרף אָנהייבן אַרבעטן.

גוידי

קומט אַהער, ר׳ לייזער, קומט טאַנצט מיט אונז.

לייזער

מיסטער וואָלף זאָגט, ס׳איז שוין איינס דער זייגער.

גוידי

לאָזט אים דעם מיסטער וואָלף. ערב יום־טוב היינט. מאָרגן שטרייק, ר׳ לייזער.

כאַפּט דעם אַלטן און דרייט זיך מיט אים

לייזער

לאָז, טאָכטער, צו אַלט צו טאַנצן. דיר איז גוט צו זאָגן שטרייק, אָבער היטן דעם שאַפּ דאַרף מען דאָך.

גוידי

שטרייקט אויך, היט נישט.

לייזער

און טאָמער אַ פייער, חלילה?

גוידי

זאָל ברענען.

וואָלף

קומט אַרויף

שוין נאָך איינס.

גוידי

וועמען אַרט עס?

וואָלף

וואָס מיינט איר?

גוידי

לאָזט עס אָפּ, מיסטער וואָלף, קומט מיט אונז, צוזאַמען שטרייקן.

לייזער

כע־כע־כע, קעגן וועמען זאָל מיסטער וואָלף שטרייקן?

גוידי

קעגן זיך אַליין.

וואָלף

שטייף

וויצן אייערע לאָזט אויף מאָרגן, און היינטיקער טאָג איז נאָך מיי־נער.

גוידי

גיפטיק

היינטיקער טאָג איז נאָך זיינער.

וואָלף

איך זאָג — עס איז שוין נאָך איינס.

היימי און פיליפ לאָזן זיך שנעל אַרונטערגיין

קיידי

אַי דאָן קער.

סיידי

אַי דאָן קער טו.

ג ו י ד י

קומט, באָיעס, הייגטיקער טאָג איז נאָך זיינער.

אַ ל ע

מיט געלעכטער

נאָך זיינער.

דריטער אָפּרייטאָר

זינגט

שטייט אויף איר אַלע ווער ווי שקלאַפּן –

אַלע כאַפּן אויף דאָס געזאַנג, הייבן אויף זייערע הענט און בייען אנטקייגן וואָלפן. וואָלף, א בלייכער, רוקט זיך אויף הינטער, שפּאַרט זיך צו צו דער וואַנט, א צוזאַמענגעבויגענער, אונטער דעם האָגל פון געזאַנג

פ אָ ר ה אַ נ ג

# דריטער אַקט

שאַפּ. טיף אין נאַכט. די פענצטער פאַרהאָנגען. מען סקעבט. פינצטערע, שרעקעדיקע שטימונג. פיליפּ, היימי, באַרקאַן, סיידי און קיידי און אַ פּאָר אַנדערע אָפּערייטאָרס. לייזער זיצט מיטן בעזים אין האַנט. גולד העלפט ארויס. צוויי שטאַרקע שטייען באַם אַריינגאַנג

באַרקאַן

אויפגערעגט

איך האָב דאָך געבעטן מען זאָל בעסער פאַרהענגען די פענצטער, מיסטער לייזער.

גולד

גייט, מיסטער לייזער.

לייזער קריכט, פּאַרעט זיך באַם פענצטער לעבן באַרקאַנען

לייזער

ס'איז דאָך גוט פאַרהאָנגען. רבונו של עולם, וואָס האָבן זיי צו מיר אַלע מיט די פענצטער? שוין זעקסטע נאַכט. ציטערן ווי אין אַ וואַלד. אַרבעט נישט און ציטערט נישט.

ב אַ ר ק אַ ן

מען פרעגט אייך נישט — מישט זיך נישט.

ל ײ ז ע ר

נעמט און פאַרהאַקט די שויבן מיט ברעטער און פאַרטיק.

ב אַ ר ק אַ ן

מישט זיך נישט, זאָגט מען אייך.

ל ײ ז ע ר

נאַדיר אַ נייעם מין חצות!

ב אַ ר ק אַ ן

בורטשעט דער אַלטער, נאָר ער בורטשעט.

עס דערהערט זיך פון ערגעץ אַ קלאַפּ. מען דערשרעקט זיך

ע ר ש ט ע ר ש ט אַ ר ק ע ר

דאָן וואָרי.

ל ײ ז ע ר

אין האַרץ רייסט זיך אָפּ פון יעדן שאָרך.

ב אַ ר ק אַ ן

גייט אויף אייער פּלאַץ, גייט.

אַלטער אָפּ

ה ײ מ י

מען וואָלט שוין סטעלען — אַן עק.

פ י ל י פ

נישט אַזוי גיך. —

היימי

נו, וואָס קען איך טון? אַ טאַטע פון פיר קינדער. איך אויף דיין פּלאַץ וואָלט נישט ריזיקירט.

פיליפּ

נו, אדרבה, זאָלן די גרינהאָרנס מיך קומען אַרונטערנעמען.

היימי

מער וועט נישט פעלן. איך זאָג דעס אמת — איך האָב מורא.

פיליפּ

איר זענט נאָך ליגנער אויך. דו און באַרקאַן. באַטאָג קריכט איר אַרום אין סטרייק־האָל — שטרייקער, כּלומרשט, און באַנאַכט — —

היימי

נו, וואָס זאָל איך טון? אַ טאַטע פון פיר קינדער.

גולד

ווער פון אייך וויל האָבן אַ בייס, באַיעס? מיסטער לייזער, די קאַווע איז פאַרטיק?

לייזער

שוין פון לאַנג פאַרטיק.

גולד

דערלאַנגט, פּליז. קומט אַהער אַלע. פאַרהאַן פרוכט אויך און קענדי, — סיידי, קיידי.

ס י י ד י

איך גיי אַהיים.

ק י י ד י

איך גיי אויך אַהיים.

ג ו ל ד

וואָס עפּעס?

ס י י ד י

איך האָב מורא.

כליפּעט

ק י י ד י

איך האָב אויך מורא.

כליפּעט אויך

ב אַ ר ק אַ ן

זאָלן זיי גיין און נישט פאַרקלאָגן די קעפּ.

ג ו ל ד

צו בארקאנען

פלין! צו די מיידלעך איר קענט איצט נישט גיין. נאָך איין שטונדע איך וועל אייך מיטן מאַשין אַוועקפירן. איר זעט דאָך, אַלץ איז באַוואָרנט. אָט איז קאַווע און קייק, נעמט.

ס י י ד י

איך וויל פרוכט.

קיידי

איך וויל אויך פרוכט.

גולד

נו, גוט. אָט איז קענדי אויך. עפנט א שאכטל און טראָגט אונטער אַלעמען, אַלע נעמען, חוץ שלמה-חיים נו, און איר, ר' שלמה-חיים?

שלמה-חיים

איך וועל אויך נישט קומען מער אַרבעטן.

פיליפ

אַרבעטן און קרעכצן.

גולד

פליז, פיליפ. — ס'איז דאָ כשרער וורשט פאַר אייך, ר' שלמה-חיים. מיסטער לייזער, איר האָט צוגעגרייט כשרן ווורשט?

לייזער

צוגעגרייט.

שלמה-חיים

א דאַנק, כ'וויל נישט עסן.

גולד גיסט אָן קאַווע, דערלאַנגט יעדן, אַלע נעמען, זאָגן: טייַנקס

גולד

צו שלמה-חיים

איר טאקע נישט?

שלמה-חיים

נאָך לאַנג אַרבעטן היינט?

גאָלד

נאָך אַ שטונדע. צו די שטאַרקע קאָם היר, באַיעס, העוו איי קאַפּע.

ביידע שטאַרקע קומען צו, נעמען קאַווע און עסנוואַרג

גאָלד

נעמט קענדי אויך, נעמט.

ביידע נעמען און זאָגן אויך „טײנקס״. צוריק צו זייערע פּלעצער

שלמה־חיים

שיינע שומרים, אָך און ווי.

גאָלד

מיסטער לייזער, גייט אַריין אין אָפיס און גיט אַ קוק צי מיסטער וואָלף איז שוין אויפגעשטאַנען.

לייזער

בין געווען דאָרט. ער שלאָפט נישט.

גאָלד

וואָס טוט ער?

לייזער

ער ליגט. וויל זיך נישט אויפהייבן. בייז — אַ שרעק.

גאָלד

עסט — איך קום באַלד.

אַפּ. אנדערע עסן, אנדערע נעמען זיך צוריק ארבעטן. קיידי און סיידי שפּרינגען ארויס און כאַפּן אַ לייכט טענצל

שלמה־חיים

אָט געווײנט און אָט געטאַנצט.

פיליפ

דאָס האָב איך ליב.

ווינט זיך אַליין אונטערטאַנצנדיק

לייזער

אונטער דער נאָז, בייז, ווי צו זיך אַליין

אַ העזה, אַ חרפּה. וואָלף איז בייז און שעמט זיך פאַר מיר. אוודאי. קאַווע קאָן פאַר זיי. אויף מיינע אַלטע יאָרן סקעבס באַדינען.

באַרקאַן

נאָר ער בורטשעט. מיט געשריי די פענצטער זענען ווידער אַרויפגעזרוקט, צום טייוול. מיסטער לייזער!

לייזער קריכט צום פענצטער מיט גרויס כּעס

לייזער

זיי ווילן מיך משוגע מאַכן.

וואָלף קומט אַרויס מיט גולדן. וואָלף — בייז, מרה־שחורהדיק, מיט צעריסענעם שלאָף אויפן פּנים

וואָלף

פינצטער

טאַנצט נישט.

גולד

צו וואלפן

איך בעט אייך, פראַוועט דאָ נישט קיין שטיק! צו די מיידלעך איר ווילט טאַנצן אַ ביסל — טאַנצט.

וואָלף

פינצטערער נאָך

טאַנצט נישט!

מיידלעך אָפּ צו זייערע פּלעצער

גולד

צו וואָלפן

איר זענט פון זינען אַרונטער?

וואָלף

נאָך נישט.

גולד

גייט אַהיים און שלאָפט זיך אויס.

וואָלף

איך פרעג בײַ אייך נישט קיין עצה.

גולד

אָבער דאָ איז נישט קיין פּלאַץ —

וואָלף

געשריי

גענוג צו אַרבעטן!

גולד שטופּט אים אויף צוריק, פאַרשטעלט אים דאָס מויל

גולד

הערט אויף, זאָג איך אייך!

וואָלף

צומאַכן דעם שאַפּ! אַהיימגיין! אַלע!

גולד

איר וועט מיך אַרויספירן פון געדולד —

וואָלף

אַן ענדע זאָל נעמען!

גולד

איר שפּילט אַ שפּיל, צי וואָס? צי אַ בייזער חלום האָט זיך אייך געחלומט?

וואָלף

יאָ, אַ בייזער חלום האָט זיך מיר געחלומט. איך האָב נאָך אַ דעה דאָ.
גיט אַ געשריי מיטאַמאָל סקעבס!

גולד כאַפּט אים אַרום, שלעפּט אים אַריין מיט שוועריקייט אין אָפיס. אַלע האָבן אויפגעציטערט. גולד קומט אַרויס צוריק

גולד

מיסטער וואָלפן איז עפּעס נישט גוט געוואָרן.

שלמה-חיים לייגט אַוועק די אַרבעט און לאָזט זיך אַוועקגיין

שלמה-חיים

איך גיי אַהיים.

ג ו ל ד

מיט בעשריי

איר זאָלט זיך שוין שטעלן אויף אייער פֿלאַץ צוריק. מאָרגן, אַז איר וועט נישט ווע‌לן קומען — געזונטערהייט. איך וועל קריגן אַנדערע. אָבער איצט, אַז איר זענט דאָ, וועט איר גיין גלייך מיט אַלעמען אַהיים. אייך האָב איך מיט געוואָלט נישט געבראַכט אַהער.

ש ל מ ה ־ ח י י ם

איר האָט מיך אָנגערעדט מיט זיסע ריידעלעך.

ג ו ל ד

איר זענט אַ קינד, וואָס מען קען אייך איינרעדן ?

ש ל מ ה ־ ח י י ם

ס'איז מיר נישט ניחא. זונה־געלט צאָלט איר אונז. איך בין אַן על־טערער ייד. איך שעם מיך.

ג ו ל ד

צו אַלעמען

ער וויל אַהיימגיין פֿריער פֿון אייך. איר קענט עס דער־לאָזן ?

ה י י מ י

מיט שרעק

ניין, ניין. אַלע צוזאַמען. לאָזט נישט, מיסטער גולד.

ב אַ ר ק אַ ן

דאַכט זיך צוזאַמענגערעדט זיך. נו, גיי, פֿאַרלאָז זיך אויף אַזוינע — מאַך מיט זיי אָפּ —

שלמה=חיים

וואָס, אפשר ווילט איר אויך אחדות?

גולד

צו די שטאַרקע

לאָזט קיינעם נישט אַרויס.

ערשטער שטאַרקער

צו שלמה=חיימען

גיי אַרבעטן, אַלד מען.

שלמה=חיים

אָבער, אַז איך וויל גיין אַהיים —

ערשטער שטאַרקער

יו קענט —

שלמה=חיים

אָבער, אַז איך וויל גיין אַהיים.

צווייטער שטאַרקער

גיי אַרבעטן, גיי.

שטויסן שלמה=חיימען אויף צוריק. שלמה=חיים קען גאָרנישט מאכן. ער קומט צו צו זיין טיש. נעמט זיך נישט מער צו דער ארבעט. שטייט מיט דער פלייצע צו אַלעמען די גאַנצע צייט שטום.

גולד

צו שלמה=חיימען

נישט געריכט זיך אויף אייך. ווי קומט עס צו אייך?

שלמה=חיים ענטפערט נישט

גולד

פאַר פיקעטס דאַרפט איר נישט מורא האָבן. אויב זיי וועלן שוין אפילו יאָ דערוויסן זיך און קומען — גייט איר אייך אַלע אַרויס מיט די פייער־טרעפּ צום הויף צו. איר ווייסט דאָך ווו —

אַלע ארבעטן. שווייגן

ערשטער שטאַרקער

בא דער טיר

שמענדריקס.

צווייטער שטאַרקער

קייקס.

ערשטער שטאַרקער

זעקסטע נאַכט שוין.

צווייטער שטאַרקער

שטיי און גענעץ.

ערשטער שטאַרקער

שטרייק וועט אַריבערגיין און אפילו קיין ביסל „פּאָן“ נישט האָבן.

גענעצן

צווייטער שטאַרקער

יעס, יעס, אַ ביסל דורכלופטערן די פויסטן.

ערשטער שטאַרקער

לאָמיר גאָר בעטן אַ רייז.

צווייטער שטאַרקער

צען דאָלאַר אַ רייז. טאָמער גיט ער נישט —

ערשטער שטאַרקער

לאָזן מיר איבער און —

צווייטער שטאַרקער

און מיר שטרייקן.

לאַכן פון איינפאַל

ערשטער שטאַרקער

מיסטער גולד.

גולד קומט צו

צווייטער שטאַרקער

מיר ווילן אַ רייז.

גולד

וואָס הייסט?

ערשטער שטאַרקער

נישט גערעדט לאַנג. צען דאָלאַר אַ רייז.

צווייטער שטאַרקער

מיסטער גולד, אויב איר זאָגט איין וואָרט נאָך —

גולד

אָלרייט, באָיעס.

קלאַפט זיי איבער דער פלייצע. אָפּ. מען אַרבעט. פּלוצלינג — אַ קלאַפּ אין טיר. שרעק וואַקסט

ג ו ל ד

צו דער טיר צו

נישט מורא האָבן.

צווייטער שטאַרקער

עפּעס אַ שטילער קלאַפּ.

ערשטער שטאַרקער

עפנט די טיר. קוקט ארויס. זאָגט גלייך

נישט זיי, באַיעס. אַרבעט, אַ פרוי בעט מען זאָל זי אַריינ-
לאָזן

באַרקאַן

מען דאַרף קיינעם נישט אַריינלאָזן —

פאלט צו מיט זיין פנים צום טיש

גולד גייט ארויס, קומט גלייך צוריק מיט ראיען. ראיע, א בלייכע, בלאָנדזשעט ארום מיט די אייגן. זעט אויס ווי א לונאטישע. אלע קוקן זי אָן שטום. נעמען זיך ארבעטן. באַרקאַן מאכט זיך נישט זעענדיק

ג ו ל ד

וואָס האָט איר געוואָלט?

ר אַ י ע

איך דאַרף האָבן מיסטער באַרקאַן.

ג ו ל ד

מען האָט אייך געשיקט אויסשפּיאָנעווען?

ר אַ י ע

ניין, ניין.

ג ו ל ד

די פּיקעטס זענען הינטער אייך?

ר אַ י ע

איך בין אַליין. איך מוז זען באַרקאַנען —

ערשטער שטאַרקער

זאָגט דעם אמת.

ר אַ י ע

וויינענדיק

איך זאָג אמת.

ג ו ל ד

מיסטער באַרקאַן.

באַ ר ק אַ ן

קומט צו גלייך צו ראיען

וואָס זענט איר געקומען? צו גולדן זי דאַרף מיט מיר עפּעס רעדן.

גולד אָפּ. באַרקאַן און ראיע בלייבן אין דער צווייטער העלפט אין דער טונקל

ר אַ י ע

מיט אימפּעט און שרעק

קומט אַהיים.

בּאַרקאַן

איך ווייס אַליין ווו מיין היים איז.

ראַיע

איך וועל אייך נישט אָפּלאָזן —

בּאַרקאַן

נו, זעצט זיך דאָ אונוואַרט.

ראַיע

בּאַרקאַן —

בּאַרקאַן

אָדער זעצט זיך אַרבעטן — וועלן מיר צוזאַמען דערנאָך אַהיימ־גיין

ראַיע

איר וויצלט זיך נאָך.

בּאַרקאַן

וואָס זענט איר געקומען?

ראַיע

איך קען נישט פאַרטראָגן דעם געדאַנק, אַז איר סקעבּט.

בּאַרקאַן

איך וויל נישט איר זאָלט מיך שפּיאָנירן. גייט בּרענגט די פּיקעטס אַהער.

ראַיע

נעמט בּעסער אַ שער און שלאָגט מיך איבּערן קאָפּ, איידער אַזוי

צו רעדן. אין סטרייק־האָל ווייסט מען שוין סיי־ווי, אַז באַ גולדן אַרבעט מען. פּיקעטס וועלן סיי־ווי קומען.

באַרקאַן

איך וועל נישט זיין איבעררּאַשט, אויב איר זענט עס געווען די, וואָס האָט אויסגעזאָגט —

ראַיע

יאָ, איך האָב עס טאַקע געדאַרפט טון. און איך בין נאָך געמיינער פון אייך, אויב איך טו עס נישט. מיין פליכט —

באַרקאַן

טאָ וואָס זענט איר מיך געקומען רופן? גייט טוט אייער פליכט.

ראַיע

שוין זעקס נעכט, אַז איך מאַך נישט צו מיט קיין אויג. איך בין אַ ליגנערין. איך ווייס, אַז מען סקעבט, און איך זאָג נישט אויס. און ווער סקעבט? באַרקאַן. און באַרקאַן איז פאַר מיר געוואָרן אַלץ. אַז איר סקעבט — בין איך דאָך אויך אַ סקעב.

באַרקאַן

איך סקעב נישט. איך אַרבעט, מער גאָרנישט. איך וויל מיטן שטרייק נישט האָבן וואָס צו טון.

ראַיע

צוזאַמענגעבראָכן

גאָט מיינער. פאַרוואָס קומט עס מיר.

באַרקאַן

גייט אַהיים. איך בעט אייך.

ראַיע

יאָ, יאָ. איך גיי. סיי־ווי פאַרפאַלן. לאָזט זיך גיין, קערט זיך צוריק. אין פנים באַרקאַנען מיט געוויין און האַס סקעב!

באַרקאַן

כאַפּט זי אָן פאַר די אַקסלען

שווייגט!

ראַיע

מיט וויינענדיקן געבעט פלוצלינג

באַרקאַן, ליבער, קומט אַהיים. איך בעט אייך.

באַרקאַן

איר האָט מיך ליב, און איר פירט זיך אויף אַנטקעגן מיר, ווי אַ שונא. קומט בעסער — העלפט מיר, זעצט זיך אַר־בעטן.

ראַיע

גאָט מיינער.

באַרקאַן

פאָלגט מיך, ראַיע. איך וועל ווערן אַנדערש צו אייך. איר וועט זען, איך וועל אייך ליב האָבן. מירן מאַכן אַ סך געלט. מירן אַליין עפענען אַ ביזנעס. איינאָרדנען אַ היים. אייגענעווינקעלעך פיר איר ווילט דאָך אַ היים. רו.

ציט זי פאַר די הענט צו זיך

ראַיע

אײַנגאַנצן אונטערטעניק, פאַרלוירן, גייט אים נאָך פאַרליבט, ווי אין חלום. שטאַמלט

באַרקאַן, ליבער באַרקאַן.

באַרקאַן פירט זי צו צו איר מאַשין. זעענדיק זי אַליין, אַלע מאַכן זיך, אַז זיי זעען נישט

גולד

גייט צו

מירן זיך איבערבעטן, ראַיע.

ראַיע

שטעלט זיך אויף

ניין, ניין, לאָזט מיך.

עס דערהערן זיך שטאַרקע קלעפּ פון דרויסן. בייז און שטורעמדיק

גולד

פאַרלעשן די לאָמפּן.

שטאַרקע

נישט מורא האָבן. מיר זענען דאָ.

קלאַפּעריי ווערט גרעסער. געבראַזג, ווי עפּעס ברעכט צוזאַמען

וואָלף

קומט אַריין

מען זאָל נישט שלאָגן.

גולד

גייט אייך צוריק ווו איר זענט געווען.

וווּלף

מען זאָל נישט וואַגן צורירן זיך צו עמעצן מיט די הענט!

גוּלד

צו די שטאַרקע

איר הערט, וואָס איך זאָג אייך. פאַרלעשט די פייערן.

אַלע פייערן פאַרלאָשן, א חוץ א רויט לעמפּל באַם אַרויסגאַנג.
פינצטער אין הינטערגרונט

וווּלף

איך זאָג נאָכאַמאָל: נישט צורירן זיך צו קיינעם.

הינטער דער טיר שטויסעריי און מהומה

גוּלד

און איך זאָג: עפנט די טיר און דערלאַנגט.

וווּלף

שטעלט זיך באַ דער טיר

איך וועל נישט לאָזן צורירן זיך מיט אַ פינגער צו עמעצן. איך האָב אויך אַ דעה דאָ.

גוּלד

מיסטער וווּלף, שטערט נישט, זאָג איך.

ערשטער שטאַרקער

גיי אַוועק פון טיר.

וווּלף

איר גייט אַוועק, באַמת!

## צווייטער שטאַרקער

כאַפּט אָן וואָלפֿן

אוועק פֿונדאַנען!

וואָלף

איך וועל נישט לאָזן שלאָגן. איך וועל נישט לאָזן.

ראַנגלט זיך מיט ביידע שטאַרקע. דער אַלטער לייזער ברעכט מיט די הענט. מישט זיך אַריין, קריגט גלייך אַ שטויס אַוועק. די שטאַרקע גיבן אַ זעץ וואָלפֿן אָן דיל. ער פֿאַלט אַנידער און בלייבט ליגן. די שטאַרקע עפֿענען די טיר און גיבן זיך אַ וואָרף מיט די פֿויסטן. מען זעט גאַרנישט, מען הערט נאָר קולות. געפֿעכטערייַ אַ פּאָר רגעס. גאָלד שטייט קאַלטבלוטיק און וואַרט. די פּיקעטס הינטער דער טיר האָבן געזיגט. די שטאַרקע זענען אַנטלאָפֿן. מינע, ליפּמאַן, לייבל, גוידי, בער און ערשטער, צווייטער, דריטער

אַפּריטאָר קומען אַריין צעפּליקטע, צעשויבערטע

בער

זיי וועלן שוין פֿאַרזאָגן אַ צענטן צו זיין שטאַרקע. ווער איז דאָ אין שאַפּ? מאַכט ליכטיק! דערזעט גאָלדן ווו זענען די סקעבס?

גאָלד

זוכט.

בער

שמייכלט, שמייכלט. נו, פֿאַרוואָס זענט איר נישט קיין שטאַרקער? נישטערט, שלעפּט אַרויס פֿון ערגעץ אַ טויט־בלייכן לייזער ווו זענען די סקעבס?

ל י י ז ע ר

מיט בעוויין

וואָס בין איך שולדיק?

ע ר ש ט ע ר  אָ פּ ר י י ט אָ ר

אַ כאָליערע אין די ביינער. די ריפּן צעבראָכן.

מ י נ ע

דערזעט וואָלפן מיטן פּנים צום די.

ווער ליגט דאָ?

ג ו י ד י

אוי! ס'איז דאָך מיסטער וואָלף אַליין.

ל י י ז ע ר

דאָס האָבן זיי אים צעשלאָגן.

ל י פּ מ אַ ן

ווער?

ל י י ז ע ר

זיי — די יונגאַטשעס. די שיינע שומרים. וואָלף האָט זיי נישט געלאָזט זיי זאָלן זיך וואַרפן אויף אייך. אויף די קני צו וואָלפן שטייט אויף. אוי, ער איז צעבלוטיקט!

ו ו ו ל ף

נישקשה, נישקשה. שרייט נישט.

שטעלט זיך אויף

ל י פּ מ אַ ן

ווער האָט אייך געשלאָגן?

וואָלף

ס׳מאַכט נישט, וואָס איז דער חלוק?

ליפּמאַן

נישט מיר דאָך.

וואָלף

ניין, נישט איר.

ליפּמאַן

באַ אייך איז צעבלוטיקט דער שטערן.

וואָלף

עס מאַכט נישט.

נעמט ארויס אַ טיכל, פארדעקט דעם שטערן

ערשטער אָפּערייטאָר

אַ פיין שטיקעלע טרימינג אויפן שטערן, מיסטער וואָלף — האַ?

ליפּמאַן

צו גאָלדן

און איר שטייט זיך אַזוי רויק מיט די הענט אין די קעשע־נעס?

גאָלד

יעס.

גייט אין אָפיס אריין

בער, לייבל, בוידי און די אָפּערייטאָרס נישטערן אין שאַפּ. גיבן מיטאַמאָל אַ געשריי: ראַיע!

ג ו י ד י

ראַיע איז דאָ.

מען ברענגט צו פירן ראַיען. זי קען זיך קוים האלטן אויף די פיס. איר פנים פארשטיינערט

מ י נ ע

ראַיע — איר?

ג ו י ד י

נעכטן מיט אונז צוזאַמען געפּיקעט.

ל י י ב ל

פּקעב!

ע ר ש ט ע ר   אָ פּ ר י י ט אָ ר

אַלטע כאָליערע. סקעבאַטשיכע.

ל י פּ מ אַ ן

איך בעט אייך איינהאַלטן זיך אַ ביסל.

מ י נ ע

זי האָט געסקעבעט.

ל י פּ מ אַ ן

מינע — מיר האָבן דאָך אַזוי פיל מאָל גערעדט וועגן ראַיען — איר ווייסט דאָך — מינע.

מ י נ ע

נישטאָ קיין רחמנות.

ליפּמאַן

איך וויל הערן פון אייך אַליין, ראַיע.

ראַיע שטייט פּאַרגליווערט און רעדט נישט

ערשטער אָפּרייטאָר

עפן דאָס מויל, עפן, סקעבּאַטשיכע!

וואָלף

פון דער זייט

אויב ס'קען מיר זיין דערלויבּט, וויל איך בּעטן איינזעעניש מיט ראַיען — זי האָט נישט געסקעבּט. —

מינע

ס'איז אייך גאָרנישט דערלויבּט, גאָרנישט.

וואָלף

מען מעג מיר געטרויען.

מינע

שוין בּעסער, ווען איר וואָלט געשטאַנען אַזוי שטייף און אונטער־שמייכלענדיק, ווי אייער צווייטער דזשענטלמען; ווער האָט אייך געבּעטן איינשטעלן זיך פאַר אונז און זיין געשלאָגן? שוין בּעסער, אַז איר שלאָגט.

וואָלף

מינע —

מינע

איך בּין נישט מינע איצט. מיר האָבּן געבּראָכן אייערע טירן, מיר האָבּן געשלאָגן איבּער פּנימער און מען האָט אונז געשלאָגן —

זי — ראַיע — זי האָט פּאַרראַטן. אָט האָט נעכטן גוידי אַ גאַנצן טאָג אָפּגעוויינט, ווייל זי האָט אַ פּאַטש געטון אַ מיידל, אַ סקעב. נישט די געשלאָגענע האָט געוויינט, נאָר די שלעגערין, און איר געוויין איז געווען אונזער אַלעמענס. און אָט ווײנט ראַיע, און איר געוויין איז אויך אונזערער. אָבער וואָס פאַר אַ געוויין איז דאָס? — נישט איר דאַרפט בעטן פאַר ראַיען. נישט איר.

וואָלף

יאָ, יאָ. איר זענט גערעכט. נישט איך... עס דאַרף אויסזען אַ ביסל קאָמיש אין אייערע אויגן, נישט אמת? מיינע אייגענע שומרים האָבן מיך געשלאָגן. לאַכט קרום יאָ, יאָ, איצט איז גוט. די שומרים זענען אַוועק. לאָזט זיך צו דער טיר און אייך דאַנק איך, מינע. אייך דאַנק איך.

אָפּ

ליפּמאַן

מיר וועלן לאָזן ראַיען אַהיימגיין. און מיר וועלן גיין אין האָל.

מינע

ראַיע וועט גיין מיט אונז אין האָל אַריין.

לייבל

עס מוז נעמען אַן עק צו דער סקעבעריי.

ערשטער אָפּרייטאָר

סקעבס מוז מען פירן אין האָל אַריין, און זאָלן אַלע וויסן —

ליפּמאַן

מינע, ווי דערלויבט איר עס? ווייסט איר דען נישט, אַז ראַיע איז אַנדערש?

מ י נ ע

יעדער איז אַנדערש. אַ זכות קען מען געפינען אויף יע־
דערן.

ל י פ מ אַ ן

דאָס מאָל אָבער מוז זיין אַן אויסנאַם; איך פאָדער, מינע; דאַרף
איך דען אייך דערמאָנען, וואָס מיינט הונגער נאָך אַ ביסל
גליק? —

מ י נ ע

איך ווייס, וואָס איר מיינט! נישט קיין תירוץ. איצט איז שטרייק־
מלחמה.

ע ר ש ט ע ר  אָ פ ר י י ט אָ ר

מיט סקעבאַטשעס איז נישטאָ וואָס צו צערעמאָניען זיך.

ל י פ מ אַ ן

אַלץ מער אויפגערעגט, מיט היץ, כמעט שטאַמלענדיק

שווייגט, זאָג איך. אויב איר וועט אויפהייבן ווער נאָך אַ ביי־
וואָרט אויף ראַיען — איך ווייס, וואָס דאָ טוט זיך. איר ווייסט
אויך.

ע ר ש ט ע ר  אָ פ ר י י ט אָ ר

מיט אים נאָך שטימען

מיר ווילן נישט וויסן.

ל י פ מ אַ ן

וואָס שווייגט איר, מינע? ווי איז, אַז אַ מענטש ראַנגלט זיך און
האָט נישט קיין כוח צו באַזיגן? — און איר אַליין, מינע, — און
איך — זוכן מיר דען נישט פערזענלעך גליק —

מ י נ ע

קוקט אויף ליפּמאַנען, ווי ער רעדט. גיט אַ קוק אויף זיך אַליין — ציטערט אויף. האַקט אָפּ מיטאַמאָל ליפּמאַנען שאַרף, ווי מיט אַ האַק

גענוג צעקראָכנקייט!

קערט זיך אַוועק, ווי מיט עקל

ר אַ י ע

זאָל מען פירן. זאָל מען משפּטן.

אירע קני ברעכן זיך אונטער. זי לאָזט זיך אַראָפּ צום דיל אַזוי־ ווי אַן אונטערגעזעצטע. אַלע לויפן צו צו איר. הייבן זי אויף

ל י פּ מ אַ ן

שטויסט אָפּ אַלעמען פון ראַיען. אויך מינען. נעמט ראַיען אונ־ טערן אָרעם

קומט מיט מיר. איך וועל אייך פירן אַהיים.

פירט זי נאָך זיך. גייט אַרויס מיט איר. פּויזע

מ י נ ע

נאָך אַ לאַנגער פאַרשט נערטער פּויזע

און מיר — אין האָל צוריק.

אַלע אָפּ

ל י י ז ע ר

צו זיך

אַך, קינדערלעך.

ג ו ל ד

קומט אַרויס

פאַרמאַכט אַלע טירן, גיט אַכטונג. היט. שאַפּ בלייבט שאַפּ.

אָפּ

ל י י ז ע ר

לעשט אויס די פייערן. אין דער פינצטער

אכטונג געבן גוט, היטן. שומר — וואָס בין איך פאַר אַ שומר?
היטן ביין גוטס אויף לעצטער עלטער.

קריכט צו אַ פענצטער, רייסט אַראָפּ דעם פאָרהאַנג. ליכט פון בּאַ־
גינען שלאָגט אין שאָפּ. לייזער מיט טרערן

איך — דער שומר. דער שומר.

פ אָ ר ה אַ נ ג

# פערטער אַקט

שבת. צוועלף באַטאָג. דער שאַפּ איז אויסגעדעקאָרירט אין אַלערליי־קאָלירטע לענטעס. דער פּאָרהאַנג עפענט זיך, ווען די אַרבעטער האַלטן אין ענדיקן זיך. אַלע אויף זייערע פּלעצער. מאַשינען שטעלן זיך אָפּ. איידער די אַרבעטער האָבן צייט בעהאַט אויפצוהייבן זיך, נעמט בער דאָס וואָ־ט, זאָגט הויך איבערן גאַנצן שאַפּ

בער

מיט א טאָן פון א רעדנער

איך בין מכריז ומודיע — קיינער זאָל נישט איילן אַהיים אַוועקצוגיין. איר אַלע ווייסט שוין — פונדעסטוועגן, איז נאָכאַמאָל — איז אָט: איך בין מכריז ומודיע, אַז מיר פּראַווען היינט אַ שאַפּ־פּאַרדי לכּבוד אונזער קווין גוידי, און לכבוד לייבלען, — איז אָט, וועלכע זענען אין צייט פון שטרייק געוואָרן חתן־כּלה, און וועמעס חתונה עס וועט זיין היינט בּאַנאַכט, ווי עס געהער צו זיין.

אַפּלאָדיסמענטן

ערשטער אָפּרייטאָר

אַ גאַנצער רעדנער געוואָרן.

בער

וואָס לערנט מען זיך נישט אויס אין אַמעריקע? זהאַ? און נאָך אין אַ שטרייק. איז אָט — אַ מחיה, זאָג איך אייך, ברידער, אַז מען שטרייקט, און אַז מען געווינט, ווי עס געהער צו זיין. אין אַנבאַטראַכט גענומען.

שטימען

צום פונקט!

ערשטער אָפּרייטאָר

לשון, לשון, אָן טרימינג.

בער

איז אָט. צוזאַמען מיטן שטרייק, וואָס מיר האָבן אַזוי פיין אויסגעפירט, האָבן מיר אויסגעפירט אַזאַ טייערן שידוך. יעס. ווען מיר פראַווען אַ כפל־שמונהדיקע שמחה, ווי עס געהער צו זיין. און כאָטש אונזער גוידי צעזעגנט זיך נישט מיט אונז אינגאַנצן —

גוידי

אוודאי נישט. איך סטאַפּ נאָך נישט פון דער אַרבעט.

בער

און אָט. יעס. אונזער גוידי איז נישט פון די, וואָס ווען זיך שעמען צו גיין אַרבעטן נאָך דער חתונה. יעס. ברידער און שוועסטער, אָבער אונזער פאַרדי דאַרפן מיר פראַווען, ווי עס געהער צו זיין. יעס, אין אַלגעמיין גענומען עולם הייבט זיך אָן פונאנדעררוקן איז אָט, ברידער, אָרדנונג, אָרדנונג. ס'איז נישט קיין יוניאָן־מיטינג. מיר זענען אַלע דאָ אין אַנבאַטראַכט, כאָטש אין אַלגעמיין גענומען — מיר האָבן גוטע זאַכן און מתנות. דער שאָפּ איז אויסגעפוצט, אָבער עס איז ווייניק. יעס, מען זאָל אויכפוצן אויך די מאַשינען,

און אויך די כלה אויספּוצן, ווי עס געהער צו זיין. און אָט בין איך מכריז ומודיע, אַז ליפּמאַן וועט זיין אונטערפירער פון חתנס צד.

אפּלאָדיסמענטן

ליפּמאַן

ניין, ניין.

בער

מיך מוז מען פאָלגן היינט, ווי עס געהער צו זיין.

ליפּמאַן

איך קען נישט. איך בעט אייך.

בער

און מינע, די אונטערפירערין פון כלהס צד.

מינע

איך נעם אָן.

אפּלאָדיסמענטן

ערשטער אַפּרייטאָר

גיט אונז עפּעס אַ דזשאַב. מירן פירן.

בער

אָלרייט, אָלרייט. איז אָט. איך בעט זיין שטיל. יעס. אַהינטערגיין, מיידלעך, נעמט זיך פאַר די מאַשינען אויספּוצן, און בלומען זאָל מען ברענגען, ווי עס געהער צו זיין. און איר, טייערע גוידי, איר מישט זיך נישט. זייט שטיל, ווי עס פּאַסט פאַר אַ שיינע כלה, ווי איר. פאָלגט, וואָס מען זאָגט אייך. לאָזט זיך אויספּוצן וואָס שענער. אין אַנבאַטראַכט גענומען. און דו אויך, לייבל, יעס סער, אין אַל-

געמיין, מיש זיך נישט. דערזעט שלמה־חיימען אריינקומענדיק אָ, אָט איז ר׳ שלמה־חיים אויך. געקומען צו דער פּאַרדי, האַ? אַהינטערגיין. אַלע. אַלע.

דער גאַנצער עולם אָפּ אין הינטערגרונט. בער און די מיידלעך נעמען זיך דעקאָרירן די טישן. באַרקאַן דרייט זיך אַרום. פילט זיך, זעט מען, נישט גוט. מען זעט, ער וויל צוגיין צו ראַיען און וואַגט נישט. ראַיע זיצט פּאַררוקט אין א ווינקל און קוקט נישט אויף אים. ליפּמאַן איז אויך אומעטיק, שטייט אָן דער זייט, אריינגעטון אין א צייטונג. מינע, פּאַרקערט, זעט אויס צו זיין אויפגעלייגט, נעמט אָנטייל אין די באַפּוצונגען, אָבער מען זעט, אַז זי איז אויפמערקזאַם צו יעדער באַוועגונג פון ליפּמאַנען. לייבל קומט צו צו ליפּמאַנען, שטעלט זיך הינטער זיין פּלייצע, קוקט אויך אריין אין צייטונג

### ל י י ב ל

איך שטער אייך נישט? חבר ליפּמאַן?

### ל י פּ מ אַ ן

מיט גוטמוטיקן שמייכל

ניין, איר שטערט נישט.

### ל י י ב ל

איר שמייכלט, וואָס איך רוף אייך חבר, יאָ?

ווערט רויט

### ל י פּ מ אַ ן

מען דאַרף נישט רויט ווערן דערפון.

לייבל

פאַר דער צייט פון שטרייק האָב איך אייך ליב געקריגן. פאַר־שטאמלט זיך איך בין דאָך נאָך אַ ייִנגל קייגן אייך.

ליפּמאַן

נו, איז וואָס?

לייבל

איר זענט אַזוי אַקטיוו געווען. אַלע האָבן אייך באַוווּנדערט. איר זענט מיטאַמאָל שטיל געוואָרן. איר מישט זיך נישט אין קיין זאַך.

ליפּמאַן

בין שוין אַן אַלטער מאַן, לייבל.

לייבל

אייך געפעלט עפּעס דאָ נישט, מסתמא. אָדער מיר געפעלן אייך נישט.

ליפּמאַן

איר געפעלט מיר אַלע. איך בין שטיל געוואָרן, זאָגט איר. וואָס הייסט שטיל געוואָרן? די מאַשינען דרייען זיך ווידער, און מיר אַלע צוריק אויף אונזערע פּלעצער.

לייבל

אָבער מיר האָבן דאָך אַזוי פיל געוווּנען. דאַרפן מיר דאָך זיין פריילעך.

ליפּמאַן

שמייכלט בלאַס

איך בין פריילעך. איר זענט נאָך גאָר אַ ייִנג ייִנגל, און איר האָט שוין חתונה. איר האָט שטאַרק ליב גוידין?

ל י י ב ל

יאָ.

ל י פ מ אַ ן

זי האָט אייך אויך ליב. זי איז אַ ווילדע. איר האָט געלט איינצו־אָרדנען זיך?

ל י י ב ל

מיר וועלןביידע גיין אַרבעטן און פאַרדינען.

ל י פ מ אַ ן

יאָ, ס'איז פיין אַזוי. זייט גליקלעך ביידע.

ל י י ב ל

איך דאַנק אייך.

ל י פ מ אַ ן

אָט איז אין צייטונג די גאַנצע באַשרייבונג פון דינסטיק נאַכט.

מיט אויפשפרונג

זעט, מיסטער וואָלף ציט זיך צוריק פון די ביזנעס.

ל י י ב ל

איבערן גאַנצן שאַפּ

הערט נאָר, מיסטער וואָלף גייט אַרויס פון די ביזנעס.

די נייעס מאַכט אַן איינדרוק. דער עולם לויפט אַן אַרום ליפּמאַנען. קוקט אין צייטונג

ל י פ מ אַ ן

צערייסט נישט די צייטונג.

בער

שטויסט דעם עולם אויף צוריק

שטייט נישט אין וועג, פּליז. צום אַלטן לייזער, וועלכער שטויסט זיך אויף צווישן עולם איר'ט קומען שפּעטער. גייט.

לייזער

וואָלף פאַרלאָזט אונז. אויף וועמען פאַרלאָזט ער מיך — זיין אַלטן חבר?

בער

גייט פונדאַנען.

לייזער אָפּ

לייבל

קומט ווידער צו ליפּמאַנען

מינע בעט די צייטונג אויף אַ ווײַלע.

ליפּמאַן

דערשראָקן

וואָס הייסט זי בעט? אַ שליח דאַרף מען דערצו?

לייבל

איך ווייס נישט.

ליפּמאַן

גייט צו צו ראַיען

מען קען זיך זעצן לעבן אייך?

ר אַ י ע

דורך די ציין

איך פאַרלאַנג נישט פון קיינעם קיין רחמנות.

ל י פּ מ אַ ן

צו וואָס אַזוי בייז?

ר אַ י ע

וואָס קוקט איר מיר נאָך? איר היט מיך.

ל י פּ מ אַ ן

פאַרוואָס זאָל איך אייך היטן?

ר אַ י ע

איך זע, איר קוקט מיר נאָך. נישט אייערע דאגות מיך צו היטן.

אָפּ מיט כעס

ל י פּ מ אַ ן

צו לייבלען

איך האָב מורא פאַר איר. איר וואָלט באַדאַרפט זען אירע אויגן?

מ י נ ע

קומט צו

איר זשאָלעוועט די צייטונג?

ל י פּ מ אַ ן

שמייכלט

אַזוי אומאָנגענעם איז אייך געוואָרן צוצוגיין צו מיר?

מ י נ ע

איר האַלט אַזוי אין אויסמיידן מיך פאַר די צוויי טעג, וואָס מיר אַרבעטן צוריק, אַז ס'איז מאָדנע.

ל י פ מ אַ ן

און איר מיידט מיך אויס.

מ י נ ע

איר בלאָזט אָן אַזוי אייער שטילקייט —

ל י פ מ אַ ן

און איר בלאָזט אָן אַזוי אייער פרייד —

מ י נ ע

איר ווילט דורכאויס קריגן זיך.

ל י פ מ אַ ן

נאָך א פויזע

איר ווילט דאָך לייענען וועגן וואָלפן.

דערלאַנגט איר די צייטונג

מ י נ ע

נעמט די צייטונג, לייענט

פיין! אַ גרויסע טאַט! אייך האָט עס געדאַרפט פרייען.

ל י פ מ אַ ן

פרייט עס. און אייך?

מ י נ ע

זייער. דאָס איז נאָך גרעסער, ווי אַרויסצוווייזן רחמנות צום צע-קראָכענעם צער.

ליפּמאַן

שאַרף

צו מענטשלעכן צער. באַ אייך איז דאָך מענטש אַליין גאָר-נישט.

מינע

יאָ. מענטש אַליין איז נאָך גאָרנישט. ער ליידט, — אַ וואָרעם ליידט אויך. גובר זיין — אָט וואָס עס מאַכט אים גרויס. איר זענט אין כעס אויף מיר זינט יענע נאַכט מיט ראַיען. איר האָט זיך דערווייטערט פון מיר. געפעלט עס מיר, ווייל איך ווייס, וויפיל עס קאָסט אייך דאָסדאָזיקע דערווייטערן זיך.

ליפּמאַן

איר ווייסט?

מינע

יאָ. אָבער איר ווייסט דאָך אויך, וויפיל מיך האָט געקאָסט דאָס אַרויסרייסן פון האַרצן דעם נאָמען וואָלף. איך האָב אַרויסגעריסן. אויף אייביק. און איר ווייסט, דאַכט זיך, אויך, וויפיל עס קאָסט מיך אייער דערווייטערן זיך פון מיר. צי איר ווייסט נישט?

ליפּמאַן

איך ווייס עס יאָ?

מינע

נו, איז גוט. וועל איך אייך זאָגן, עס איז געווען מאָדנע אייער רעדן צו מיר דעמאָלט נאַכט. מיך געשטעלט צום נסיון. — איר ווייסט אַליין נישט, ווי שאַרף איר האָט מיר אויפגעשניטן דאָס האַרץ.

ל י פּ מ אַ ן

מיט בעבעט

מינע.

מ י נ ע

ס׳איז נישט דאָס ערשטע מאָל. שווייגט.

ל י פּ מ אַ ן

איך האָב אייך ליב.

מ י נ ע

איך ווייס דאָס. איר ווייסט אויך, ווי איך האָב אייך ליב. פונדעסט־וועגן זענען מיר צוויי קעגנער.

ל י פּ מ אַ ן

זענען מיר?

מ י נ ע

יאָ, קעגנער.

פיליפ און היימי גייען פאַרביי

פ י ל י פ

צו היימין

קום אַהיים.

ה י י מ י

איך וועל וואַרטן. מיינסט, אַז דער שאַפ ווייסט נישט, ווער עס האָט געסקעבט? איך שעם מיך.

פ י ל י פ

איך גיי אַהיים.

אָפּ. היימי אויך. ראיע קומט, באַרקאַן נאָך איר. אין הינטערגרונט טומלט מען און מען זינגט

ב אַ ר ק אַ ן

צו ראיען

אָבער לאָזט מיך אויסרעדן אַ וואָרט!

ר אַ י ע

איר האָט צו מיר נישט וואָס צו רעדן.

עס קומט צו וואָלף. באַרקאַן אָפּ. וואָלף צו ראיען

ו ו ו ל ף

וואָס מאַכט איר, ראַיע?

ר אַ י ע

לאָזט מיך!

ו ו ו ל ף

פאַרלוירן

מיר וועלן זיך שוין נישט זעען מער.

ר אַ י ע

גיט אויף אים אַ קוק שאַרף

שוין קיינמאָל נישט.

ו ו ו ל ף

געפינט זיך נישט קיין אָרט. צו בערן

איר האָט געוועט, האַ?

בער

יעס, מיסטער װאָלף.

װאָלף

מעג איך אײַך ברענגען בלומען?

בער

װאָרום נישט?

װאָלף

איך פֿאַרלאָז אײַך שוין. עס פֿרײט אײַך?

בער

פֿאַרן שאָפֿ איז אַלצײנס.

װאָלף

עלנט

יאָ, אַלצײנס.

מינע גײט פֿאַרבײַ, שטעלט זיך אָפּ נישט װילנדיק

מינע

צו װאָלפֿן

עס פֿרײט מיך זײער.

װאָלף

יאָ?

מינע

איך פֿיל אַזש צו דאַנקען אײַך דערפֿאַר.

וואָלף

דאָס אַלץ, וואָס איר פֿילט?

מינע

איר וואַרט דאָך נישט אויף קיין שכר פֿאַר אייער גוטן טאַט.

וואָלף

ניין.

מינע

איר באַדאַרפֿט זיך פֿילן גליקלעך.

וואָלף

פֿון וואָס?

מינע

פֿון זיך אַליין. פֿון אייגענעם כּוח.

וואָלף

איך בין גליקלעך.

מינע

און איר זעט אויס אַזוי מיד, בלייך — אַנטשולדיקט, איך בין פֿאַר־נומען.

פּויזע. זיך־ — נייגט זיך. אָפּ

וואָלף

אַ צעטומלטער, צו באַרקאַנען, וועלכער דערנענטערט זיך

מעג איך אייך ברענגען בלומען?

באַרקאַן

ווילד

וואָס ווילט איר?

וואָלף

גאָרנישט, גאָרנישט. ס'מאַכט נישט. יאָ, פאַרן שאָפּ איז אַלץ־איינס.

אָפּ. פאַרשעמטערהייט

באַרקאַן

צו ראַיען, וועלכע שטייט אַ צוגעפּאַלענע צו דער וואַנט

ראַיע.

ראַיע

רופט צוזאַמען דעם גאַנצן שאָפּ, און זייט זיך מודה פאַר אַלע־מען.

באַרקאַן

שטעלט אויס אַ פּאָר אויגן

וואָס?!

ראַיע

זייט זיך מודה און בעט מחילה.

באַרקאַן

איך זאָל בעטן מחילה?

ראַיע

נעמט אַרונטער די שאַנד פון זיך און אויך פון מיר. איך האַלט מיין מויל פאַרשלאָסן. איך האָב אַלץ גענומען אויף זיך. איך

וואָלט עס געטראָגן, ווען איר מאַכט נאָך נישט חוזק פון דער משא.

באַרקאַן

ווער הייסט אייך מאַכן פון דעם אַזאַ משא?

ראַיע

איך בין אַן אַרבעטערין. שוין צוואָנציק יאָר. מיט ציטער באַרקאַן, ס'איז מיין לעצט געבעט, מיין לעצטע האָפנונג.

באַרקאַן

אַזוינס צו פאַרלאַנגען פון מיר?

ראַיע

נעמט אים פאַר א האַנט

ס'וואָלט דאָך געוואָרן אַזוי ליכטיק.

באַרקאַן

וואָס בין איך אַ יינגל? איך זאָל בעטן מחילה באַם שאַפ.

ראַיע

מיר האָבן געזינדיקט ביידע. אַליין וועט שאַפ נישט מוחל זיין, שאַפ וועט נעמען נקמה.

באַרקאַן

נישט דערלעבן וועט דאָס דער שאַפ!

ראַיע

איך וועל אויך נישט מוחל זיין! נישט אייך, נישט זיך. איך בין שאַפ!

## באַרקאַן

**אָ, איר מאַכט מיך משוגע. איך גיי אַהיים.**

אָפּ האַסטיק

קיידי און סיידי טאַנצן אַריין און שרייען: פּאַרטיק, פּאַרטיק

### בער

**אַהערצו, עולם. זאָל מען ברענגען חתן-כּלה צו פירן. אָפּרייטאָרס, זייט איר די קלעזמער. נעמט די שערן, די פּרעסלעך, די פינגער-הוטס.**

די מאַשינען זענען אויסגעפּוצט, די טישן באַדעקט מיט רויטן. בלומען, פּרוכט, קענדי. מען פירט בוידין און לייבלען. בוידי איז אָנגעטון אין ווייסן, מיט אַ רויטער קרוין אויפן קאָפּ, אויף איר האַלז אַ קראַנץ פון קנעפּ. די אָפּ ייטאָרס קלאַפּן און צימבלען מיט פּרעסן, שערן און אַנדערע מכשירים. אַלע איבעריקע האַלטן אין די הענט אַרשינען, אָנגעצויגענע פינגערהוטן, וואָס קלינגען ווי גלעקלעך

### ערשטער אָפּרייטאָר

גייט פאָרויס און זינגט אין פאַראַדיע-טאָן

**חתנדל, כּלהשע,**
**פינגערהוט, קנעפּעלעך —**
**אַ שער אין די העלזעלעך,**
**אַ פּרעס איבער קעפּעלעך,**
**אַ דריי פון מאַשינעלע —**
**מאַשינעלע זינגערל,**

## אַ צי פֿאַרן רימענדל —
## אַ נאָדל אין פֿינגערל.

מען זעצט אַוועק גוידין און לייבלען באַם רויט-פֿאַרפּוצטן טיש

בער

דערלאַנגט גוידין אַ בוקעט בלומען

אָט דאָס איז פֿון אונדז אַלעמען. אין אָנבאַטראַכט גענו-מען.

גוידי

אַ דאַנק, אַ דאַנק. זאָג דו אויך אַ דאַנק, לייבל, שעם זיך נישט.

לייבל

איך דאַנק טאַקע.

גוידי

נו, זאָל מען נעמען טאַנצן.

בער

וואַרט, גוידעלע. ביסט אַ כּלה — טאָ פֿאָלג. מיר וועלן נאָך טאַנצן אויך. אַ פֿריער דאַרפֿן מיר אַ ביסל דיר אַרייַנזאָגן. אין אַלגעמיין גענומען. איך בין מכבד מיט אַ טאָסט מינען.

אַפּלאָדיסמענטן

מינע

פּאַרדעקט איר פּנים. שטייט אַ היפּשע ווײַלע אַ פֿאַרזוּנקענע אין זיך. רייסט אַוועק די הענט פֿון פּנים

וואָס זאָל איך זאָגן? אפֿשר זאָגן דאָס פּשוטסטע. איר זענט אונדז

טייער, גוידי. איר זענט אַ שיינע כלה. איר זענט יינג, און איר זענט אונזערע. איר אויך, לייבל — מיר האָבן אייך ליב. נאָך אַזאַ גרויסן זיג — אַזאַ ליבע שמחה. אונזער שאַפּ זינגט היינט. אַנדערע זאָגן, אַז שאַפּ איז אומזין. אַ ליגנט! — אַרבעט — דער זין פון דער וועלט. אַזוי ווי שיינקייט, אַזוי ווי ליבשאַפט. מיר, אַרבעטער, דאַרפן ווערן דער זין פון דער וועלט. אויב עפּעס קלעמט אין האַרץ, אַרויסרייסן עס. וואָרים אויב נישט, איך זאָג אייך אָפן: איך וואָלט אפשר איצט אַליין אַנטלאָפן ערגעץ — איר קול הייבט זיך אָן ווערבן, ווייל אויסברעכן אין געוויין, פארכאפט זיך צוריק ביין, ביין. כאפט ארום גוידין און דריקט זי צו זיך זייט גליקלעך, גליקלעך — אַזוי גוט איז יינג זיין.

גוידי

איר וויינט? מינע.

מינע

שטיל ווייבענדיק

ס'איז מיר גוט מיט אייך.

בער

און איצט ליפּמאַן.

ליפּמאַן

איך קען היינט נישט רעדן.

שטימען

ליפּמאַן! ליפּמאַן!

ערשטער אָפּרייטאָר

גענוג, גענוג. זאָל מען עפּעס אין מויל אַריין נעמען.

בער

נו, גוט. זייט זיך מכבד.

דער עולם נעמט פון די פרוכט און קענדי

ערשטער אָפּרייטאָר

קומט אַהער, מיסטער לייזער, שטייט נישט פון ווייטנס.

לייזער

אי, אַ שנעפּסעלע, ברידערלעך, וואָלט גוט געווען.

ערשטער אָפּרייטאָר

אָנגעגרייט. אָט שלעפּט ארויס א פלאַש פון קעשענע, גיסט אין גלעזלעך. דערלאַנגט אַלעמען טרינקט, אָפּרייטאָרלעך, טרינקט זיידענע העלזעלעך. צו לייזערן אָט אַזוי. דרשות האַלטן — וואָס פאַר אַ דרשות? אַלץ, וואָס איר רעדט, איז נאָר טרימינגס, ווערטערלעך אַזוינע. איר האָט חתונה געהאַט — גוט. וואָס דען? מען דאַרף חתונה האָבן. און זייט באַיעס. איר זענט געווען גוטע שטרייקער — אַ דאַנק קומט אייך, וואָס? וואָס דען אַנדערש? — סקעבּאַטשעס וועט איר זיין? די ריפּן וועט מען אייך צעבּרעכן. מיר האָבן גענוג סקעבּאַטשעס.

שטימען

גענוג, גענוג.

ערשטער אָפּרייטאָר

דערזעט גאָלדן ארויסקומענדיק פון אָפיס, שפּרינגט צו צו אים שעלמיש מיט אַ גלעזל שנאַפּס אין האַנט

טרינקט, מיסטער גאָלד.

גאָלד, אַ פאַרשעמטער, נאָך אַ וואַקלען זיך נעמט דאָס גלעזל

ערשטער אָפּרייטאָר

אם ירצה השם איבער־אַ־יאָר צו אַ נייעם שטרייק.

בעלעבאָטער־אויסברוך, גולד אָפּ

לייזער

שיכּורלעך

אוי, ברידערלעך, וואָלף גייט דאָך אַוועק. איז עפּעס גאָרנישט בּאַ
אייך, ברידערלעך? גיט נאָך אַ גלעזעלע, גיט. לאַנג נישט געטרונ־
קען, — איז דאָס עפּעס גאָרנישט בּאַ אייך? — איך אַליין בּלייב
איבער מיט די מאַשינען. בּאַנאַכט. אַליין. איז דאָס עפּעס גאָר־
נישט בּאַ אייך? און ווי איז, אַז איך נעם און שטאַרב, האַ? אַז
איך נעם און שטאַרב צווישן די מאַשינען! איז דאָס עפּעס גאָרנישט
בּאַ אייך?

וויינט

ערשטער אָפּרייטאָר

נו, שאַ, שאַ. טרינקט נאָך אַ גלעזעלע.

דער אַלטער טרינקט

ערשטער אָפּרייטאָר

צו שלמה־חיימען

וואָס שטייט איר פון ווייטן, ר' שלמה־חיים, קומט אַהער נענטער.
דערציילט איינע פון אייערע מעשהלעך.

שלמה־חיים

נו, וואָס איז דאָ צו דערציילן?

ערשטער אָפּרייטאָר

דערציילט. זעצט זיך אָט־דאָ, און דערציילט.

## שלמה-חייט

### זעצט זיך און דערציילט

...איז דהיינו — וואָס? אַ מעשה, וואָס מע דערציילט וועגן דעם הייליקן אָפּרייטאָרל. אַי, אַי. איז די מעשה אַזאַ. געווען אַמאָל אַן אָפּרייטאָרל. איז אים אָנגעחתמעט געוואָרן פון אויבן, אַוש גאָר פון אויבן, אַז ער, דאָס אָפּרייטאָרל, זאָל אַראָפּברענגען משיחן. דהיינו — ווי אַזוי? גאָר פשוט. אַז ער וועט אויפנייען אַזויפיל און אַזויפיל הויזן — דהיינו, אַ מיליאָן, צי צוויי, און אפשר דריי מיליאָן הויזן — עס זאָל זיין דער נויטיקער מספר — איז ווי נאָר ער וועט האַלטן באַם נויטיקן מספר — וועט קומען משיח. נו, האָט דאָס אָפּרייטאָרל גענייט און גענייט, און געניייט דאָס גאַנצע לעבן זיינס, און קוים אַ צענדליק טויזנט פּאָר הויזן דערוויזן אויפצונייען. און מיטאַמאָל געוומען און נפטר געוואָרן. אַי, אַי. וואָס זשע וועט זיין? ווי אַזוי וועט משיח קומען? ערד און הימל האָבן וויינען גענומען, און דאָס געוויין איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ס'איז דערגאַנגען אַזש צום אָפּרייטאָרל אין קבר אַריין. און אַז דאָס הייליקע אָפּרייטאָרל האָט דערהערט דאָס געוויין פון דער וועלט, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון זיין קבר אין אַ מיטן נאַכט און געקומען צוריק אין זיין שאַפּקע אַריין, אַוועקגעזעצט זיך באַ זיין מאַשין, און גענומען נייען די נאָך נישט אויפגענייטע הויזן. און אַז העגער האָבן גענומען קרייען, איז ער צוריק אַוועק אין קבר צו זיך. און אויף דער צווייטער נאַכט איז ער ווידער געקומען. און אַזוי נאַכט נאָך נאַכט, ביז היינט נאָך, שטייט ער אויף פון זיין קבר, און קומט אין שאַפּקע אַריין, און נייט, און נייט, און נייט, און צום אָנגעחתמעטן מספּר איז נאָך ווייט. אַי, ווייט — דהיינו וואָס? אַי, אַי, אַי. אָט אַזוי איז די מעשה. —

### אַלע

בראַוואָ, בראַוואָ!

ערשטער אָפּרייטאָר

סאָם אָפּרייטאָרל — אַ כאָל־ערע אין די זייטן. נו, און דאָס, וואָס מיר נייען, גייט נישט אין חשבון, האַ? זרינקט אַ גלעזל, ר׳ שלמה־חיים, און זאָל אַריינקומען דאָס הייל־קע אָפּרייטאָרל, וועט ער אויך קריגן אַ גלעזעלע — אַ כאָליערע אין די זייטן — טרינקט, ט־ינקט. —

ליפּמאַן הייבט זיך אויף פון זיין פּלאַץ, גייט צו צו ראַיען, זעצט זיך לעבן איר

בער

איר דאַרפט זיצן לעבן חתן.

ליפּמאַן

איך וויל זיצן לעבן ראַיען.

ראַיע

שפּרינגט אויף

איך בעט אייך נישט זיצן לעבן מיר.

ליפּמאַן

באַרויקט אייך.

ראַיע

אזוי ווי זי וואָלט שוין לאַנג געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט אויפֿצושפּרינגען. איר פּנים ווערט פאַרענדערט, שטאָליק און אויסגעצויגן, די ליפּן טרוקן און בלייך. זי רעדט מיט אַ קול, אַז אַט, דאַכט זיך, וועט עס זיך איבעררײַסן. אַלע קוקן זי אָן מיט שטוינונג

איך בין באַרויקט. איך בעט אייך נישט איר זאָלט מיך טרייסטן. גייט אַוועק פון מיר, איך דאַרף נישט קיינעמס רחמנות. קיינער

רעדט נישט מיט מיר, רעדט איר אויך נישט. איך בין נישט אייערע מער.

ל י פּ מ אַ ן

וואָס איז מיט אייך, ראַיע, ראַיע ?

ר אַ י ע

איך האָב אייך פיינט. אַלעמען. שפּינען. איר האָט מיך אַריינגעכאַפּט, ווי שפּינען כאַפּן אַריין אַ פליג, און שלאָגן זיך, ווער עס זאָל זי פריער אויפעסן.

ל י פּ מ אַ ן

נעמט זי פאר א האנט

מען דאַרף אַזוי נישט רעדן.

ר אַ י ע

אויפגעשטורמט

איר קוקט מיך אָן אַלע, ווי אַ משוגענע. איר זענט אַליין משוגע. איר טאַנצט — איר הוליעט. אויפן צווייטנס לייב טאַנצט איר. אי־בער זיינע ביינער הוליעט איר. איר זענט אָפּלאַכער. נו — לאַכט אָפּ. משפּט מיך! צדיקים, וואָס איר זענט, פאַרוואָס משפּט איר מיך נישט? איר האַלט שערן אין די הענט — שניידט, שלאָגט מיט די פרעסן! וואָרים האָט איר רחמנות? צדיקים, איך בין אַ סקעב. אַן אַלטע מויד און אַ סקעב.

ג ו י ד י

ווער משפּט אייך?

ר אַ י ע

איר — שווייגט! מען האָט אייך אָנגעטון דאָס קריינדל אויפן

קאָפּ -- טאָ זיצט! וואָס האָט איר אויסגעפוצט די מאַשינען מיט פאַלשע סטענגעלעך? זאָלן זיי שטיין נאַקעט! רייסט די לענטעס פון די מאַשינען. מען כאַפּט זי פאַר די הענט. זי רייסט זיך, שלאָגט זיך, שליידערט זיך צו גוידין רייס אַרונטער דאָס קריינדל פון קאָפּ. ר[illegible] טער.

גוידי

טשעפּעט זי נישט, לאָזט זי. נעמט אַרום ראַיען מיט ווארעמקייט נו, באַרוויקט אייך, בייגט אונטער איר קאָפּ איר ווילט אַרונטעררייסן — נאַט, רייסט.

ראַיע

מיד און שטיל מיטאמאָל

ניין, ניין, איך דאַרף עס נישט, זייט מיר מוחל, אַלע.

גוידי

זעצט זי אוועק לעבן זיך

מיר זענען אייך מוחל. באַרויקט אייך.

ראַיע

איך בין שוין באַרויקט. האָט קיין פּאַראיבל נישט אויף מיר. עפּעס איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. איצט איז מיר גוט.

גוידי

מיר זענען נישט ברוגז אויף אייך —

ראַיע

טאָ גייט אָן ווייטער מיט אייער פּאַרטי, גלעט גוידין איבע׳ן קאָפּ ליבע גוידי, שיינע גוידי, איך דאַנק אייך.

ג ו י ד י

פאַרוואָס דאַנקט איר מיר?

ר אַ י ע

פאַר אַלץ. פאַר דעם, וואָס איר זענט אַזאַ שיינע. אַלעמען דאַנק איך. אַלעמען. און איך בין אייך אויך מוחל, ס'איז ליכטיק געוואָרן — איר דאַרפט נאָך טאַנצן —

ג ו י ד י

איר אויך מיט אונז —

ר אַ י ע

ווי פאַרכישופט

טאַנצט דעם טאַנץ פון מאַשין און נאָדל.

ג ו י ד י

דעם טאַנץ פון מאַשין און נאָדל.

ב ע ר

אַלע אַהער. עפענען די עלעקטריק. טאַנץ פון מאַשין און נאָדל.

אַלע הייבן אָן טאַנצן. דאָס איז אַ טאַנץ פון פאָרלעך, פון גלייכע ווערטיקאַלע באַוועגונגען, אַרויף און אַראָפּ. געמישט מיט אַ פלוצלינגדיקן דריי. איינער אַרויף, דער צווייטער — אַרונטער. באַוועגונגען פון נאָדל. עס ווערן געלאָזט די מאַשינען. דאָס גערויש ווערט קאָנטראָלירט. איבערגעהאַקט און אויפגעוועקט נאָכן ריטם פון טענצער. וואָס ווייטער — שנעלער און אימפּעטיקער. דער טאַנץ צעשפּרייט זיך איבערן גאַנצן שאַפּ. קיין מוזיק, אַ חוץ מאַשינען־ריטם. אַלע ציען זיך אַריין ווי אין אַ כישוף. דאָס געווייִנלעכקייט פון טאַנץ פאַרוואַנדלט זיך אין עפּעס אַזוינס, וואָס גיסט צונויף די מענטשן מיט די מאַשינען. שווער און אומהיימ־

לעך פון אָנהייב, גייט ער איבער וואָס ווייטער אין א שטורם. הענט אויסגעשטרעקט, און פנימער — ווי פייער. אין רעכטן ברען, ווען דער טאַנץ דערגייט צו עקסטאַז, דערהערן זיך מיט־אמאָל פון גאס געשרייען און געפייפערייען. ליפּמאַן לויפט אָן פון הינטערגרונט און שרייט: ראַיע איז ארונטערגעפאַלן פון דאך!

טאַנץ ווערט איבערגעריסן. מאַשינען אָפּגעשטעלט. אַלע בלייבן ווי שטיקער פאַרגליווערטקייטן. גיבן מיטאַמאָל א לויף ארויס. בוידי אין אירע באַפּוצונגען בלייבט אליין, ביז זי כאַפּט זיך און רייסט עס אראָפּ פון זיך. לויפט אויך ארויס. מען הערט אַמבולאַנס־קלינגעריי. טופּעריי. ס'ווערט שטיל דרויסן. ליפּמאַן און מינע זענען נישט ארויסגעלאָפן, געבליבן אין פארשטיינערטקייט. עס רוקט זיך אריין וואָלף. קוקט אויף מינען, גייט צו איר מיט אויסגעשטרעקטע הענט און וויל עפּעס זאָגן. מינע מיט אנטשלאָסנקייט דרייט זיך אוועק פון אים, גייט צו צו ליפּמאַנען, לייגט ארויף א האַנט אויף זיין אַקסל

מינע

ליפּמאַן, — חבר —

ליפּמאַן

קוקט אויף איר שאַרף ווייטיקדיק. שווייגט

מינע

ליפּמאַן, קאַמף דאַרף אונז ביידן.

נעמט אים פאַר א האַנט, ליפּמאַן לאָזט זיך פירן. ביידע אָפּ

וואָלף

ווי האַלב משוגע. זיין פּנים צעקרימט. ער גיט א שפּרונג צו די מאַשינען און לאָזט די עלעקטרישע קראַפט. א ווילד געלעכטער

רייסט זיך אַרויס פון זיין האַרץ. ער לויפט אַרויס פון שאַפ-אומוואַרפנדיק מיט די פיס אַלץ, וואָס ער באַגעגנט, גיט אַ זעץ מיט דער טיר, אַז אַלע שויבן ברעכן צוזאַמען. שאַפ אַליין. מאַ-שינען רוישן, רוישן.

פ אָ ר ה אַ נ ג

ניו-יאָרק, 1927

# געברויכטע ענגלישע ווערטער אין „שאַפּ“.

| | | |
|---|---|---|
| טרימינג | — | באַפּוצונג. |
| סקעב | — | שטרייק־ברעכער. |
| באָם | — | לומפּ. |
| פּיקעט | — | שטרייק־אויפּפּאַסער. |
| דזשענטלמען | — | הער. |
| האָל | | פֿאַרזאַמלונגס־פּלאַץ. |
| קייקס | — | יאָלדן. |
| פֿאָן | — | שפּאַס. |
| רייז | — | הוספה. |
| באָיעס | — | בחורים. |
| אָלרייט | — | גוט. |
| גרינהאָרנס | — | גרינע. |
| פּליז | — | ביטע. |
| קענדי | — | צוקערקעס. |
| טייַנקס | — | אַ דאַנק. |
| דאָן וואָרי | — | נישט געזאָרגט. |
| סעטלען | — | שליכטן. |
| פּאַרטי | — | אַ הוליאַנקע. |
| קווין | — | קעניגין. |
| סטאָפּן | — | אויפהערן, אָפּשטעלן. |
| דזשאָב | — | שטעלע. |
| אַי דאָן קער | — | מיך אַרט נישט. |
| קאַטערס | — | צושניידער. |

| | | |
|---|---|---|
| אָפּרייטאָרס | — | שניידער, אַרבעטער באַם מאַשין. |
| פֿינישערס | — | אַרויסענדיקער. |
| אַמבולאַנס | — | האָספּיטאַל־וואָגן. |
| באָסעס | — | באַלעבאַטים |
| דזשענעראַל־סטרייק | — | גענעראַל־שטרייק. |
| וואַטס מעדער ? | — | סטייטש ! וואָס הייסט ? |
| פּיי | — | געצאָלט. שכירות. |
| אַי לייק הים | — | איך האָב אים ליב. |
| לאַליפּאַפּ | — | צוקערל. |
| דאַטס ענאָף | — | גענוג זאָל זיין ! |
| קיפּ קווייעט | — | שטיל זאָל זיין ! |
| קאָרנערס | — | ראָגן פון גאַסן. |
| יו אַר העפּי | — | ביסט פריילעך ! |
| ליידי | — | דאַמע. |
| סענדוויטש | — | צוזאַמענגעלייגטע צוויי שטיקלעך ברויט מיט פלייש אָדער גרינס צווישן. |
| פּאַקעט | — | קעשענע, |
| וואַטשמאַן | — | שומר. |
| דזשעז | — | ראַשיקער פּאַנץ. |
| באָנטש | — | בינטל. |

געקליבענע ווערק פון ה. לייוויק

# שמאַטעס

דראַמע אין פיר אַקטן

ווילנע — 1928

ווילנער פארלאַג פון ב. קלעצקין

ה. לייוויק

# שמאַטעס

דראַמע אין פיר אַקטן

ווילנע — 1928

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

## פערזאָנען:

מרדכי מאַזע

רחל=לאה, זיין ווייב.

סיידי, זייער עלטערע טאָכטער פון א יאָר פערציק.

עני, זייער יינגערע טאָכטער.

הערי, זיין זון פון א יאָר צוואנציק.

אַלטער ליוואַי

יונגער ליוואַי

אברהם מאַליץ
ר' עליע
דיין
ר' זלמן
ר' איצע
ר' חיים
און נאָך יידן

} ארבעטער אין שאָפּ פון רעגס.

קומט פאָר אין ניו-יאָרק.

# ערשטער אקט

דאָס עס־צימער אין מאָזעס הויז: אָרים אָבער ריין צוגע־קליבן: רעכטס — אַ שמאָלע האָל צום אַרויסגאַנג. אויך צו דער קיך: לינקס — דאָס שלאָף־צימער פון די אַלטע. — אַ הייסער יולי־אָוונט:

די אַלטע רחל־לאה גרייט דעם טיש צו סאַפּער: גייט הין און צוריק פון קיך אין עס־צימער. סיידי, די על־טערע טאָכטער פון אַ יאָר פערציק, שטייט ביים טיש. זי איז נאָר וואָס אַריינגעקומען.

רחל־לאה

נו, וואָס זיצטו ניט? שטייסט שוין אויף שפּילקעס? וועסט דאָך עסן מיט אונז סאַפּער.

סיידי

אַזאַ פּאַרדרוס: אַ גאַנצן טאָג, אַז איך שלעפּ זיך אַרום איבער אַלע סטאָרס.

רחל־לאה

וואָס דו וועסט קויפן, וועט זיין גוט. ענין וועט אַ דאַנק גאָט ניט פעלן.

ס יי ד י

מען רעדט דען פון פעלן? צו אַ חתונה-פּאַרטי קען מען ניט קויפן אַבי-וואָס, און אויסגעבן אַ פולע געלט...

ר ח ל - ל א ה

אָבער דו וועסט דאָך ניט גיין אויף אַ גאַנצער נאַכט ווידער איבער די סטאָרס.

ס יי ד י

זאָל שוין זיין אויף מאָרגן. איך בין מיד. זעצט זיך

ר ח ל - ל א ה

וואָס מאַכט בעני?

ס יי ד י

ער איז אָלרייט. וועט קומען שפּעט אַ היים היינט.

ר ח ל - ל א ה

מעגסטו דאָך געוויס פאַרברענגען מיט אונז. שוין אַ וואָך צייט ניט געזען דיך.

ס יי ד י

וואָס מאַכט דער טאַטע? אַזוי שפּעט קומט ער פון שאַפּ?

ר ח ל - ל א ה

דו ווייסט דאָך, ביז וואַנען ער פאַרשלעפּט זיך אַ היים.

ס יי ד י

און ענין האָסטו געזען די טעג?

ר ח ל - ל א ה

ווער קוקט זי אָן. זי זיצט אין איר נייעם הויז און וואַרט אויפן

פאַרגיטשור, האָסטו געזען — שוין אַ וואָך צייט, אַז מען דאַרף עס צושטעלן און מען שטעלט ניט צו.

סיידי

וועט זיין שיין, אַז צו דער פּאַרטי וועט נאָך ניט זיין דאָס פאַרני-טשור.

רחל־לאה

וואָס רעדסטו? זי וועט זיך אַ מעשה אָנטון. איין קליינינקייט. קענסט ניט ענין... האָסט שוין געזען איר הויז? אַ פּאַלאַץ, זאָג איך דיר. און ניט וויט פון דאַנען.

סיידי

אַז ווען האָב איך צייט געהאַט? און מען קוקט זי דען אָן? זי דאַרף שוין קיינעם ניט...

רחל־לאה

שוועסטער אין אַמעריקע.

סיידי

וואָס רעדסטו, מאַמע? דו ווייסט דאָך, טאָ וואָס רעדסטו?

רחל־לאה

אָבער, אַ שוועסטער איז זי דיר, צי ניט?

סיידי

אַז ווען האָב איך צייט געהאַט צו גיין צו איר? אַז ס'איז אַזוי מיט אַמאָל געוואָרן... איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, איך ווייס אפילו ניט איר אַדרעס... נו, און דער טאַטע איז בייז מסתמא, איך שטעל מיר פאָר.

רחל־לאה

שייך בייז. דער מענטש איז אויסער זיך. איך האָב געמיינט נעכטן,

אַז גאָט וויס, וואָס עס וועט זיין מיט אים. היינט, טאָמער איז אים ווייניק ענג, איז הערי נאָך?

ס ײ ד י

וואָס איז הערי?

ר ח ל - ל א ה

ער דערגייט אים די יאָרן, דעם אַלטן, אַז ס'איז ניט אויסצוהאַלטן. רעדט אים אַקעגן. לאָזט אים דעם קאָפּ ניט אויפהייבן... וואָלסט הערן נעכטן: סאַראַ מויל ער האָט אויף אים געעפנט. און דער אַלטער, — כאָי וואָלט ער כאָטש איין וואָרט ענטפערן, שווייגט. ס'איז מיר אַ גרויס חידוש, טאָכטער, אַט דאָס שווייגן, וואָס ער שווייגט.

ס ײ ד י

פּאַרפאַלן, אַזוי איז עס שוין. צייט איר זאָלט וויסן. ניט דאָס ערשטע יאָר אין אַמעריקע.

ר ח ל - ל א ה

וואָס רעדסטו — אַמעריקע, אָבער עס טוט דאָך וויי. אַ ווילד ייִנגל, דאַכט זיך, און וואָס עס ווערט פון אים, — קומט פון דער אַרבעט, עסט אָפּ, שלינגט אָפּ אויף שנעל, שנעל, רעדט מיט קיינעם קיין וואָרט ניט אויס, און אַז ער רעדט שוין יאָ, איז מיט אַזאַ גדלות, מיט אַזאַ בייזקייט. פון וואַנען קומט עס צו אים?... אָפּגעגעסן — ניטאָ אים: שלעפּט זיך אַרום עפּעס מיט חברה... קומט זונטאָג — דערלאַנגט ער מיר די פּאָר דאָלער פאַרן עסן, אַזוי ווי איך וואָלט געווען אַ פרעמדע צו אים, איך דערציי́ל עס גאָרניט דעם אַלטן, איך שעם זיך.

ס ײ ד י

נו וואָס, מאַמע, אַלע זענען אַזוי. אין אַלע הייזער.

ר ח ל - ל א ה

אָט ביסטו דאָך ניט געווען אַזוי. וויפיל דו האָסט פאַרדינט, האָסטו אָפּגעגעבן אין הויז.

ס יי ד י

אַ באַי איז אַנדערש.

ר ח ל - ל א ה

און וויפיל וועט דער טאַטע נאָך קענען אַרבעטן? אַזאַ אַלטער מאַן, שוין אַ זקן דאָך, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. אין אַזוינע היצן וואַלגערן זיך אין שאַפּ דאָרט, אין שמאַטעס. איך דאַרף דיר דען דערציילן, ווער דער טאַטע איז? —

ס יי ד י

איך ווייס, מאַמע, איך ווייס.

ר ח ל - ל א ה

ער קומט אַ היים, איז קוים וואָס ער שטייט אויף די פיס. ער האָט ניט קיין צייט אָפּצועסן, פאַלט ער, ווי אַ פליג אַוועק.

ס יי ד י

מיר וועלן זען עפּעס טון איצט, מאַמע. אפשר אַרויסנעמען אים אינגאַנצן פון שאַפּ. איך האָב שוין וויפיל מאָל אַליין איבערגערעדט מיט מיין בענין: מען דאַרף דעם טאַטן אַרויסנעמען פון די רעגס.

ר ח ל - ל א ה

שוין לאַנג צייט געווען, טאָכטער.

ס יי ד י

איך זאָג דאָך דיר. איך האָב שוין וויפיל מאָל אַליין איבערגערעדט. און איצט, אַז — עני —

רחל-לאה

אָ, וואָס רעדסטו — עני, מען טאָר איר נאָמען פאַרן אַלטן ניט אַרויסברענגען.

סיידי

ס'איז דאָך אָבער שוין פאַרפאַלן, מאַמע. ליוואַי איז דאָך שוין אַן אײדעם אײערער, וואָס איז דאָ צו רעדן — —

רחל-לאה

אַז דו ווייסט גאָרניט, וואָס פאַר אַן עקשן דער טאַטע דײַנער איז. ער וועט ניט מוחל זײַן. אָט אַזאַ ייד איז ער שוין... ווען איך זע אים היינט גאָרניט דערקענען — אַזוי פאַרעלטערט איז ער געוואָרן פאַר די עטלעכע טעג. נעכטן ביי נאַכט שפּרינגט ער אַרויס פון בעט, שוין האַלבע נאַכט געוועזן, זעצט זיך ביים טיש און זיצט מיט אַן אונטערגעשפּאַרטן קאָפּ. זיצט און שווייגט. „מרדכי, וואָס שלאָפסטו ניט?״ — פרעג איך. די וואַנט ענטפערט — אַזוי ענטפערט ער.

סיידי

מאָדנע, אַנדערע עלטערן וואָלטן זיך גאָר געפרייט; אַן אָרים מיידל האָט חתונה מיט איר באָס זון. עס טרעפט דען ניט אַזוינס אין ניו-יאָרק? נו, יע. איך פאַרשטיי, דער טאַטע דאַרף אודאי פילן שלעכט, וואָס ער אַרבעט אויך ביי ליוואַי, און נאָך ביי די רעגס... אָבער איז דען אַ נייס, אַז אַ טאַטע אַרבעט ביי אַן אייגן קינד אין שאַפּ? — —

רחל-לאה

וואָס רעדסטו? דו מיינסט דעם טאַטן אַרט, וואָס ער וועט דאַרפן אַרבעטן ביי זײַן אייגענעם אײדעם, אָדער ביי דעם אַלטן ליוואַי? וואָס קען ער, אַ שטייגער, האָבן צו מאָריסן? אָבער איצט — נו, מילא, עני איז אַ צעלאָזן מיידל, האָט ניט אָנגעפרעגט ביי אונז, איז זי דאָך אַן אייגענע טאָכטער, אָבער ער, ליוואַי, — ער האָט

באַדאַרפט קומען אַהער, ווי עס פירט זיך ביי לייטן. כאָטש דער-ציילן, אַז זיי גייען חתונה האָבן. כאָטש וויסן האָבן מיר דאָך באַ-דאַרפט... דער טאַטע איז טאַקע אַן אַרבעטער ביי זיי, אָבער עס האָט זיי געמעגט אָנשטיין אַריינצוקומען און דורכצורעדן זיך. ס'איז הפקר, וואָס?

ס ײ ד י

ביסט געפּערכט, מאַמע. איך פאַרשטיי טאַקע ניט. גייט אַרום איבערן שטוב ניט שיין. אַן עולה. נאָך אַלעמען האָט ער באַדאַרפט וויסן, ווער דער טאַטע איז... עס מאַכט ניט וואָס אַמעריקע... גייט צו צו דער מאַמען אָבער, גענוג, מאַמע, גענוג — פאַרפאַלן.

ר ח ל - ל א ה

איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, איך הייב גאָר אָן צו טראַכטן: ווער ווייסט, צי איז עפּעס ניט, חלילה —

ס ײ ד י

וואָס מיינסטו, מאַמע?

ר ח ל - ל א ה

אַז ס'איז אַזוי אין איילעניש געוואָרן ביי זיי.

ס ײ ד י

וואָס פאַלט דיר איין?

ר ח ל - ל א ה

נו, ווייסט דאָך, אַ יינג מיידל. איך ווייס — איך וויל עס גאָר פאַרן מויל ניט אַרויסברענגען...

ס ײ ד י

אַי, וואָס דיר קען איינפאַלן.

מען הערט, ווי מען שליסט די טיר

ר ח ל - ל א ה

אודאי, הערי. זאָלסט זיך ניט קריגן מיט אים, הערסט.

עס קומט אַריין הערי, אַ בחור׳ל פון אַ יאָר צוואָנציק. ער טראָגט דעם ראָק און הוט אין האַנט.

הערי

גוד איווינינג. אָ, סיידי, העלאָו. פו, הייס. דזשי!

וואַרפט דעם ראָק און הוט אויף אַ שטול, פאַלט אַליין אַריין אין אַ צווייטן שטול

סיידי

וואָס מאַכסטו, הערי?

הערי

אָלרייט. פיין.

סיידי

פאַרוואָס אַזוי שפּעט?

הערי

געווען ביים באַרבער. איך פאָר אַוועק, מאָרגן.

ר ח ל - ל א ה

וואָס הייסט דו פאָרסט?

הערי

איך פאָר. דאַטסאָל.

סיידי

וואָס איז מיט דיר? קענסט ניט ענטפערן ווי אַ מענטש?

הערי

וואָס זאָל זיין מיט מיר? איך פאָר אין קאָונטרי, דאַטסאָל.

ר ח ל - ל א ה

אָט אַזוי ווי דו זעסט — דאטסאָל און דאטסאָל. מער קיין וואָרט ניט.

ה ע ר י

דו זעסט ווי מען באדערט מיך. גיב מיר עסן, איך האָב קיין צייט ניט.

ס יי ד י

ווילסט גאָרניט זיין אויף עניס פּאַרטי ?

ה ע ר י

„אַי דאָנט קער". איך האָב איינגאַנצן צוויי וואָכן וואַקיישאַן געקראָגן, וועל איך זיך אַויעקזעצן וואַרטן אויף אַ פּאַרטי. עני וועט אויסקומען אָן מיר אויך.

ר ח ל - ל א ה

זעסט האָך — אים אַרט עס גאָרניט.

ה ע ר י

„דאָן באדער מי". גיב מיר עסן.

ס יי ד י

ווען איך בין אויף דיין פּלאַץ, מאַמע, וואָלט איך אים ניט געגעבן קיין עסן.

ה ע ר י

ניטאָ טאַקע קיין רעסטאָראַנען אין ניו-יאָרק, ווי מיינסטו ? דו גיסט מיר עסן, צי ניט ? אַז ניט גיי איך שוין אַוועק.

ס יי ד י

יָע, ווי ער סטראַשעט דאָס. וואָס טוט זיך דאָ ? ביסט משוגע הערי,

הערי

ס'איז מיר הייס און איר דרייט מיר אַ קאָפּ. צום טייוול.

סיידי

דו מיינסט, די מאַמע איז אַ דינסט יעדערן צו דערלאַנגען עסן באַזונדער. קענסט וואַרטן ביז אַלע וועלן עסן.

הערי

איך קען ניט וואַרטן. איך האָב ניט קיין צייט.

רחל־לאה

דערלאַנגט אים עסן

אָ, וואָס איז דאָ צו רעדן. ס'איז שוין אַלץ איינס.

הערי

אויב איר וועט מיך אַפּילע באַדערן, קלייב איך זיך אינגאַנצן אַרויס פון דאַנען.

סיידי

ווער לאָזט דיך ניט?

הערי

איך וועל עס טאַקע טון. עס קריכט מיר שוין פון האַלז. אייערע רייד און אַלץ מיטאַנאַנדער.

רחל־לאה

לאָז אים שוין. עס — נאָר שווייג באַטש.

הערי עסט שנעל. מען הערט ווי מען שליסט די טיר.

רחל־לאה

**איצט גייט שוין דער טאַטע.**

אָפּ אין קיך

עס קומט אַריין מרדכי מאזע און דער באָרדער אברהם מאַליק. ביידע עלטעבע יידן. מאזע איבער זעכציק. גרוי, אַ שאַרפֿער, ענערגישער פּנים מיט יענער פֿאַרשלאָסענער פֿאַרגלייווערטקייט, וואָס מען באַגעגנט אָפֿט אויף די פּנימער פֿון עלטערע יידן אין ניו־יאָרק. ער טראָגט אַן אַלטן צעטראַמפּלטן ראָק, מיט אויסגעריבענע אַרבל. ער קומט אַריין מיד און גאָבלעסיק, אַזוי ווי ער וואָלט זיך מיט קיינעם ניט אָנגעקערט אין הויז. ער טוט עפּעס אַ מורמל מיטן מויל און מען ווייסט ניט צי ער זאָגט: גוטן אָוונט, צי עפּעס אַנדערש. סיידי גייט אים אַנטקעגן. רחל־לאה קומט אַרויס פֿון קיך. הערי עסט און קערט זיך ניט אָפּ. מאַליק זאָגט גוטן אָוונט און קערט זיך צוריק אין האָל צו זיין צימער.

סיידי

**גוטן אָוונט, טאַטע.**

מאזע

**גוט יאָר.**

סיידי

**ס'איז דיר הייס?**

מאַזע זאָגט גאָרניט. גייט אַריין אין בעדרום. רחל־לאה הייבט אָן ברענגען צום טיש דאָס עסן.

סיידי

**העלפֿן דיר, מאַמע?**

רחל־לאה

**מען דאַרף ניט. זעץ זיך צום טיש.**

ס ײ ד י

מען דאַרף שױן אָנצינדן פֿײַער.

לױפֿט אין קיך, ברענגט אַ שװעבעלע און צינדט אָן דעם גאַז. זעצט זיך צום טיש.

מ אַ ז ע קומט אַרױס אָן אַ ראָק מיט אַ יאַרמולקע אױפֿן קאָפּ, גײט אין קיך זיך װאַשן, קומט אַרײַן, מאַכט המוציא, זעצט זיך. אױך אַזױ מ אַ ל י ן: — ר ח ל - ל א ה גיסט פֿאַנאַנדער דאָס עסן, דערלאַנגט יעדן. זעצט זיך אַלײן אױך נעבן מאַזען.

ס ײ ד י

שטשאַװ? דאָס איז טאַקע גוט הײַנט.

אַ ל ע עסן שטיל

ה ע ר י האָט שױן אָפּגעגעסן. הײבט זיך אױף, נעמט זײַן ראָק און הוט — װיל גײן

ס ײ ד י

גײסט שױן אַװעק?

ה ע ר י

יאָ. איך דאַרף נאָך עפּעס קױפֿן צום װעג.

מ אַ ז ע הײבט אױף די אױגן אױף אים, לאָזט זײ צוריק אַראָפּ. זאָגט גאָרניט

ר ח ל - ל א ה

הערי, זון מײַנער, פֿאָר נאָך ניט, װאַרט אַ פּאָר טעג.

ה ע ר י

װאָס װעל איך װאַרטן? גוד בײַ!

אָפּ — שטילשװײַגן

רחל-לאה

זוייסט, מרדכי, ער פֿאָרט אין קאַונטרי. אינמיטן דרינען האָט זיך אים פֿאַרוואָלט קאַונטרי.

מאַזע

איך פֿרעג דיך דען, וואַהין ער פֿאָרט? צו סיידין וואָס מאַכט בעני?

סיידי

אַ דאַנק, טאַטע. ער איז אַזוי ערגעץ פֿאַר ביזנעס... אַ שווערער טאָג היינט געווען צו אַרבעטן. יאָ, טאַטע?

מאַזע

פֿאַרשטייט זיך, זומער איז ניט ווינטער.

מאַליק

אָ, הייס געווען היינט אין שאַפּ — אַ דערשטיקעניש.

מאַזע

נו, פֿאָרט מען אין קאַונטרי.

מאַליק

וואָס עפּעס אין קאַונטרי?

מאַזע

נו, יאָ. אַז ס'איז הייס הייבט מען זיך אויף און מען פֿאָרט אין קאַונטרי.

מאַליק

ר'מרדכי איז בייז היינט.

מאַזע

וואָס, בייז גאָר?

סיידי

האָסט פּלייש אויך, מאַמע? איך וועל גיין דערלאַנגען.

רחל-לאה

נאָר מילכיקס. זיץ, איך וועל אַליין.

גייט אין קיך

מאַזע שעפּט אָן אַ גלאָז וואַסער פון אַ פלאַש, טרינקט אויס מיט איין זופּ

סיידי

פּראָסטע וואַסער איז געזונטער, טאַטע. דערלאַנגען דיר?

מאַזע

מען דאַרף ניט. זיץ.

— שטיל —.

סיידי

וואָס הערט זיך עפּעס ביי אייך, מיסטער מאַליץ?

מאַליץ

וואָס זאָל זיך הערן? אָט.

סיידי

איר אַרבעט מיטן טאַטן אויף איין פלאָר?

מאַליץ

אַנקעגן וואָס פרעגט איר?

סיידי

אַזוי זיך.

מ אָ ל י ק

אָ, יאָ. ביז היינט זענען מיר געווען נאָענטע שכנים איינער נעבן צווייטן שטייען מיר.

ס ײ ד י

וואָס מיינט איר: ביז היינט.

מ אָ ל י ק

איך ווייס, מען זאָגט ביי אונז, אַז ר׳ מרדכין וועט מען איצט אוועקשטעלן ביי אַן אַנדער אַרבעט.

מ אָ ז ע

מיט צאָרן

וואָס?

ס ײ ד י

טאַטע —

מ אָ ל י ק

איך ווייס, אַלע רעדן אַזוי. נו, אוודאי — וואָס איז שייך —

מ אָ ז ע

איר זענט אַ שוטה.

ס ײ ד י

טאַטע...

מ אָ ל י ק

אָט אַזוי איז ער שוין, דער טאַטע אייערער. אַ קלוגער ייד — אָבער אַ כעסן, זאָל גאָט שומר ומציל זיין. און וואָס איז דאָ צו כעסן

זיך? אַלעמען טוט הנאה. שוין צייט טאַקע ר׳ מרדכי זאָל פּטור ווערן פון די שמאַטעס.

מ א ז ע

איר וועט אָנטשוויגן ווערן, צי ניט?... וואָס טוט די מאַמע דאָרט אַזוי לאַנג? יאָרן נעמט עס ביי איר.

ס יי ד י

מאַמע!

ר ח ל - ל א ה

איך גיי שוין. איך קום שוין.

מ א ל י ק

עס קען זיין מיר וועלן באַלד אַלע האָבן קאָונטרי...

ס יי ד י

וואָס מיינט איר, מיסטער מאַליק?

מ א ל י ק

אונזערע יידן רעדן דאָך וועגן אַ סטרייק.

ס יי ד י

שפּרינגט אויף, צעלאַכט זיך

וואָס, מיסטער מאַליק? איר — סטרייקן?

מ א ל י ק

וואָס איז דאָ צו לאַכן? אַז מיר זענען אַלטע לייט איז שוין?

ס יי ד י

אמת, טאַטע?

מ א ז ע

און אַז אמת?

ס יי ד י

סאַמע, דו הערסט — דער טאַטע און מיסטער מאַליץ גייען מטרייקן.

ר ח ל = ל א ה

קומט אַריין מיט אַ שיסל זופּ אין האַנט. שטייט אַ דערשראָקענע אינמיטן שטוב

וואָס? סטרייקן גאָר?

ס יי ד י

דו הערסט דאָך, מיסטער מאַליץ אַליין זאָגט.

מ אַ ל י ץ

הלוואי וואָלט עס געווען אמת. רעדן רעדט מען שוין לאַנג. צי עס וועט עפּעס אַרויסקומען — שטילענקערהייט רעדן זענען אונזערע אַלטע לייט בריות, אָבער טון...

מ אַ ז ע

גיב שוין דאָס עסן, וואָס שטייסטו?

ר ח ל = ל א ה

טיילט דאָס עסן

אוי, איך האָלט ניט אויס.

מ אַ ל י ץ

ר' מרדכי וועט נאָך זיין אונזער פירער.

מאַזע טוט אויף אים אַ קוק, ברענט אים דורך מיט די אויגן

סיידי

פּאַרוואָס האָסטו גאָרניט דערציילט, טאַטע? אוי, אַ שיינע מעשה. דער טאַטע וועט נאָך סטרייקן ביי זיין אייגענעם מחותן...

מאַליק

יאָ, יאָ, מיסעס מאַזע. הלואי וואָלט עס נאָר זיין אמת.

מאַזע

שמאַטניקעס!.. צו סיידין און וואָס איז מיט דיר אַזוי די שמחה?

סיידי

עס געפעלט מיר. אַ סטרייק פון אַ יוניאָן אַלטע לייט. אַזוינס איז נאָך אין ניו-יאָרק ניט געווען.

מאַליק

איר מיינט — מיר וועלן ניט קענען? שוין צייט מען זאָל זיך פאַר אונז אויך אָננעמען.

מאַזע

מיט בטול

אָננעמען? אַזוי!

מאַליק

מיר וועלן האָבן מאָרגן אַ מיטינג, און אַ רעדנער וועט קומען...

מאַזע

אַזוי, — אַ רעדנער!

מאַליק

מיר וועלן פאָדערן וויניקער שטונדן, מער שכירות...

מ אַ ז ע

מער אַז דאָס פעלט אייך שוין גאָרניט.

מ אַ ל י ך

וואָס הייסט? און אַ ליכטיקערן שאַפּ. ניט אַזאַ קבר. שטויב, ענג.

מ אַ ז ע

אַ ליכטיקערן שאַפּ! — אַ גוואַלטיקע מעשה. ניט אַזאַ קבר — אַ ליכטיקערן...

ס יי ד י

וואָס רעדסטו, טאַטע?

מ אַ ז ע

מוחל, מוחל.

מ אַ ל י ך

וואָס הייסט?

מ אַ ז ע

אָן מיר, אָן מיר. איך דאַרף ניט. איך דאַרף ניט קיין ליכטיקערן...
אַלטע שמאַטעניקעס ווילן זיין מיט לייטן גלייך — — מוחל, מוחל.

מען קלינגט אין טיר — ב י ד ע פ ר ו י ע ן שפּרינגען אויף

ס יי ד י

איך גיי עפענען.

לאָזט זיך אין האָל — מען הערט ע נ י ס ק ו ל

ר ח ל - ל א ה

ענין. פאַרפּיר ניט קיין קריג יעצט, מרדכי.

מ אַ ז ע

לערן מיך ניט קיין דרך-ארץ.

סיידי

לויפט אריין

מאָריס אויך, מיט עניִן.

עס קומען אריין עני און מאָרים ליוואַי; ביידע גע־
קליידט נאָך דער לעצטער מאָדע

מאָריס ליוואַי

„גוד איווניִנג".

עני

„העלאָו"!

רחל־לאה

אָ, אַזוינע געסט. אַ גוט יאָר אייך.

גייט זיי אנקעגן, צעטומלט

מאַזע זיצט אויף זיין פּלאַץ, טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ. אַלע
פילן זיך פאַרלוירן

עני

צו מאָריסן

דאָס איז מיין שוועסטער, מיסעס פינק.

מאָריס ליוואַי

גיט די האַנט צו סיידין

„האַו דו יודו", מיסעס פינק.

סיידי

„האַו דו יודו", מיסטער ליוואַי. זיצט ביי אונז.

עני

צו מאָריסן שטיל

רעד יידיש דאָ.

מ אָ ר י ס

אַ דאַנק, אַ דאַנק. זעצט זיך אויף אַ שטול, וואָס סיידי טראָגט אונטער דאַכט זיך, אַז איך זע מיסטער מאַליץ. איר ווינט אויך דאָ, מיסטער מאַליץ?

מ אַ ל י ץ

טוט זיך אַ הייב

יאָ, איך וווין אויך דאָ.

ר ח ל - ל א ה

זעצט זיך בײַם טיש. קומט מיט אונז עסן.

מ אָ ר י ס

מיר האָבן נאָר וואָס געהאַט סאַפּער. אַ דאַנק.

ע נ י

מאָריס האָט מיך אויפגענומען אין אַ רעסטאָראַן.

ר ח ל - ל א ה

אפשר ווילט איר. ווילסטו... אַ קאַלטן טרונק... פֿאַרשעמט איך ווייס שוין גאָרניט ווי צו זאָגן.

ס י י ד י

לאַכט

די מאַמע ווייסט ניט ווי צו רעדן צו אײַך, מיסטער ליוואַי. צי זי זאָל אײַך זאָגן דו, צי זי זאָל אײַך אירצן.

מ אָ ר י ס

שמייכלט

וואָס הייסט?

ע נ י

אודאי ניט אירצן. מאָריס, אַזוי רוף אים. און דו אויך, סיידל, וואָס עפּעס מיסטער ליוואַי?

ר ח ל - ל א ה

איך ווייס? אז ער האַלט זיך פרעמד צו אונז. נו, אודאי, אַן אייגן קינד שוין איצט — אודאי וואָלט איך וועלן — אינגאַנצן איינמאָל ביי אונז אין הויז געווען —

ע נ י

מאָריס האַלט זיך ניט פרעמד, מאַי, ער איז נאָר זייער ביזי. מאָריס רעדט אַלעמאָל מיט מיר וועגן אייך. ניט אמת, מאָריס?

מ אָ ר י ס

איך בין טאַקע זייער ביזי לעצטנס.

ע נ י

דער גאַנצער שאָפּ אויף אים.

ר ח ל - ל א ה

איר קומט צו אונז אָפּגעגעסענע שוין. איז ניט אַ חרפה. פאַר-גייט גאָר אין רעסטאָראַן —

ע נ י

אָ מאַמע, עס מאַכט ניט, מאָריס וועט ווערן היימישער, ניט אמת, מאָריס?

מ אָ ר י ס

דרייט דעם הוט אין האַנט

נו, יאָ.

ע נ י

ווּ איז הערי?

ר ח ל = ל א ה

אַרויסגעגאַנגען. ער האָט דאָך ניט מיין צייט מיט אַלעמען אינ־
איינעם צו עסן — וועט מסתּמא באַלד אַריינקומען — דו זאָגסט:
ווערן היימיש — מען דאַרף נאָך ווערן? מאָריס איז אפשר
גאָרניט שולדיק אַזוי — דו, ענִי, שלעכטע מויד, דו —

ע נ י

נו, נו, מאַמע. צו מאָריסן זאָג עפּעס דעם טאַטן. רעד צו אים.

מ אָ ר י ס

אַז איך ווייס ניט וואָס צו זאָגן.

ע נ י

פּאַ, דו ווייסט, מיר האָבן דאָך שוין אַריינגעקראָגן די פּאָרני־
טשור.

מ א ז ע

איראָניש

אָ?

ע נ י

וואָלסט זען, פּאַ, אַ דרעסער — וווּנדער.

ר ח ל = ל א ה

אבי דו האָסט געציטערט, ער וועט ניט אַריינקומען.

ע נ י

טאַקע נאָר וואָס, מיט אַ פּאָר שעה צוריק. איצט וועט זיין פיין.

טאַקע זונטאָג די פּאַרטי... דאָס זענען מיר אייך געקומען אָנזאָגן.

מאַזע

מיט דערזעלבער איראָני

לאַדט איר אונז, הייסט עס, איין...

עני

וואָס הייסט. מיר זענען עקסטרע געקומען. מאָריס זאָגט: ער וויל אויך גיין מיט מיר לאַדן אייך. ניט אמת, מאָריס?

מאַזע

זייער פיין, זייער פיין. מאָריס אַליין —

סיידי

טאַטע!

עני

זאָלסט זאָגן דיין בענין אויך. מען דאַרף דען שיקן עקסטרע איינ־לאַדונגען? איר וועט דאָך קומען אַזוי.

סיידי

ווי דענקסטו?

עני

זונטאָג אַכט אַ זייגער. זאָלסט קומען פרי... און איר אויך, מיס־טער מאַליץ... ניט אמת, מאָריס?

מאַליץ

איך ווייס, וואָס בין איך?

עני

קומט, קומט.

מ אָ ר י ס

שטעלט זיך אויף, מיט אומגעדולד

מיר וועלן שוין גיין, ענִי.

ע נ י

יאָ, יאָ, מיר'ן שוין גיין. מאָריס איז אַזוי ביזי.

ר ח ל - ל א ה

אייביק ביזי. אפילו אין אָוונט ?

ע נ י

וואָס מיינסטו, מאַ, דער גאַנצער שאַפּ ליגט דאָך אויף אים. און איצט נאָך אַביסל טראָבל... איך ווייס — די אַלטע לייט רעדן וועגן אַ סטרייק אינמיטן דרינען —

מ אָ ר י ס

ענִי, הער אויף. „קאַם, קאַם".

ע נ י

דער טאַטע האָט דיר גאָרניט דערציילט, מאַ ?

ר ח ל - ל א ה

איך ווייס, וואָס וועט ער מיר דערציילן ?

ע נ י

איר אויך, מיסטער מאַליץ ?

מ א ל י ץ דרייט זיך אויפן שטול אין פארלעגנהייט

ע נ י

און דו, טאַטע, אויך ?

מ אַ ז ע

ווי אָפּגעבריט

וואָס מיינסטו — אויך ? וואָס עפּעס — אויך ?

סיידי

טאַטע, טאַטע. —

מאַזע זעצט זיך צוריק. זיינע נאָזלעכער באַוועגן זיך ווי פליג-לען:

מאָריס

צו ענין

„וואס איז די מעטער וויט יו? לעטס גאָ".

עני

איך פרעג. איך טאָר ניט פרעגן?... „גוד בייט אָל". ווען איר קומען?

סיידי

וואַרט, איך גיי אויך מיט אייך.

עני

גוט, קום.

מאָריס

„גוד בייט".

גייט אַרויס מיט ענין

סיידי

גייענדיק נאָך זיי. צו די אַלטע

מאַכט ניט קיין געשעפטן און קומט. הערסט, מאַמע. עני איז אַ ביסל אַ נאַר, דאָס אַלץ. איר זאָלט קומען, איר הערט. אַ גוט נאַכט.

רחל-לאה

גיי געזונט, טאָכטער.

שטיל — רחל-לאה ווישט באַהאַלטענערהייט די אויגן; חאַלט זיך איין פון צו וויינען

מאַליק

הייבט זיך אויף

נו, מ'דאַרף גיין אָפּרון אַ ביסל.

אָפּ אין האָל צו זיך אין צימער

מאַזע פאַרשטעלט מיט ביידע הענט, און זיין גאַנץ וועזן פילט זיך פּאַלט צוזאַמען

רחל־לאה

ניט אַנטשלאָסן

וואָס ביסטו געבליבן אַזוי זיצן, מרדכי? האָסט דאָך שוין ניט פאַרענדיקט דאָס עסן אפילו.

מאַזע

זאָל שוין זיין.

רחל־לאה

וואָס, ביסט זייער מיד?

מאַזע

איך ווייס וואָס דו רעדסט דאָרט — מיד. ווי אַלעמאָל — מיד.

רחל־לאה

איך ווייס שוין גאָרניט ווי אַזוי צו רעדן צו דיר... איך וויל זאָגן

מאַזע

וואָס?

רחל־לאה

איך פאַרשטיי דאָך אַלץ — דיך פאַרשטיי איך — אָבער...

מאַזע

וואָס אָבער? וואָס ווילסטו נאָך האָבן פון מיר? שווייג כאָטש דו.

ר ח ל - ל א ה

פונדעסטוועגן איז ניט גוט געווען, וואָס דו ביסט געזעסן אַזוי פרעמד און קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט צו די קינדער.

מ אַ ז ע

ווי אַזוי אַנדערש זאָל זיצן אַ פרעמדער, אויב ניט פרעמד...

ר ח ל - ל א ה

מרדכי, וואָס רעדסטו? וואָס זענען עס פאַר אַ רייד?

מ אַ ז ע

רחל-לאה, איך בעט דיך, שווייג.

ר ח ל - ל א ה

ווי קען מען עס הערן אַזעלכע רייד? ס'איז ניט אמת וואָס דו זאָגסט, אַז דו ביסט אַ פרעמדער, אָדער זיי זענען פרעמדע. ניט אמת... ווי קענסטו אַזוי רעדן? מען קען דאָך מיינען, אַז ענק האָט גאָט ווייסט וואָס אָפּגעטאָן — —

מ אַ ז ע

אָך, רבוני-דעלמא... פּויזע זיי זענען אונז געקומען אָנזאָגן, אַז זיי מאַכן אַ פּאַרטי — נו גוט. מאַכן זיי. זאָלן זיי מאַכן — — וועד זאָגט עפּעס? וועט זיין אַ פּאַרטי. וועט זיין אַ פּאַרטי— נו, גוט וועט זיין — מיינסט פאַר אונז מאַכט מען די פּאַרטי? — זי האָט דאָך איצט זיך איינגעקויפט עפּעס אין שענערן יחוס, פאַר-שטייסט. מיסטער ליוואַי, עפּעס אַ קליניקייט — מיסטער ליוואַי — נו, גוט — איצט פאַרשטייסטו מיך, וועט שוין זיין ווארעמער צו אַר-בעטן ביי מיסטער ליוואַיס רעגס, היימישער — אייגענע שמאַ-טעס געוואָרן, פאַרשטייסט —

ר ח ל - ל א ה

מרדכי, ווי קאָנסטו אַזוי רעדן?

מאזע

ווי ווילסטו זאָל איך רעדן? — זיי האָבן חתונה געהאַט — האָבן זיי עפּעס אָנגעפּרעגט ביי אונז? זיי האָבן אונז דערציילט? אַזוי ווי מיר זענען גאָר אויף דער וועלט ניטאָ — ניטאָ — מאַכן זיי גאָר אַ פּאַרטי — נו, וועט מען גיין מסתמא.

רחל=לאה

מסתמא?

מאזע

מען וועט גיין. מען וועט גיין. ציטער ניט.

רחל=לאה

עס קען זיין, מרדכי, אַז דו ביזט אַליין אַביסל שולדיק. אַז דו וואַרפסט אָן אַזאַ קעלט, אַזאַ טרויער —

מאזע

איך וואַרף אָן אויף זיי קעלט און טרויער, צי זיי אויף מיר? — אַז מיר זענען דאָך אינגאַנצן זייטיקע, באַזייטיקטע — אויף אונז וואַרפט מען קעלט און טרויער, אויף אונז — זי איז אונז גע= קומען אָנזאָגן, אַז זי האָט שוין אַ יינגעקראָגן דאָס פּאַרניטשורי= נג, איז וואָס זאָל איך זאָגן? פיין, זייער פיין.

רחל=לאה

אוי, אוי, ווי קען מען עס הערן אַזוינע רייד?

מאזע

ווען עמעצער וואָלט געהערט, ווי איך רעד, וואָלט ער באמת געמיינט, אַז גאָט ווייסט וואָס עס האָט פּאַסירט ביי אונז אין הויז — אמת טאַקע, קיין שרעקלעכס האָט ניט פּאַסירט —

מסתמא טוט זיך אַזוי אומעטום, איך ווייס — אָבער איך זע זאַכן אַנדערש — איך זיץ מיר אין שאַפ אין אַ ווינקל און קלייב שמאַטעס און איך וויל מען זאָל מיך לאָזן צורו, מען זאָל מיך ניט טשעפּען — איך דאַרף ניט קיין רעיז, איך דאַרף ניט קיין פּאַרטיס — איך דאַרף ניט — די קינדער גייען אַוועק פון מיר, האַקן אָפּ מיין לעבן אינגאַנצן, די יידן אין שאַפּ פאַרשטייען מיך אויך ניט — איז זאָג איך עפּעס? נו, גוט, זאָל זיין אַזוי? — אָבער קיין געפאַלענער דאַרף איך דאָך ניט זיין! — אויב מיר איז באַשערט אויסצוגיין אין שאַפ צווישן שמאַטעס — איז זאָל כאָטש זיין שטיל — זאָל כאָטש זייז שאַ — אַליין, איך בין אַליין —

רחל-לאה, פאַר דער גאַנצער צייט וואָס מאַזע רעדט, רוקט זיך אָפּ פון טיש אַליין נענטער צום קיך מיט אַ פּנים, וואָס ווערט באַלד אויסברעכן אין אַ געוויין. אָפּ אין קיך. פון דאָרט דערהערט זיך דער אויסברוך פון איר געוויין.

מאַזע

ציטערט אויף

ווינט, ווינט — וואָס ווינסטו דאָרט? — מיט אַ געשריי וואָס וויינסטו דאָרט?

דאָס געוויין האַקט זיך אָפּ מיטאַמאָל — מאַזע נעמט צונויפמען דעם אונטערשטן טייל פון זיין פּנים מיט אַלע פינגער פון זיין האַנט. שעפּטשעט דאָס בענטשן ויצנדיק אומבאַוועגלעך.

פּאָרהאַנג

# צווייטער אקט

שבת נאַכט. די זעלבע סצענע. פינסטער. קיינער איז ניטאָ. עס הערט זיך ווי מען שליסט די טיר פון האָל. טריט. — עס קומט אַריין דער אַלטער מאַזע אָנגעטאָן שבתדיק. זעצט זיך ביים טיש און זיצט אין דער פינסטער. הייבט זיך אויף, צינדט אָן דעם גאַז. גייט אַרום אַן אויפגערעגטער הין און צוריק, זוכט אויס אַ גמרא, זעצט זיך און הייבט אָן לערנען. האַקט זיך אָפּ פּלוצלינג, פאַרלעשט דעם גאַז און צינדט אָן אַ ליכט, וואָס ער זוכט אויס. הייבט אָן פונדאָסנייע לערנען ביי דעם שיין פון ליכט. קיין ווערטער הערט מען ניט, נאָר עפּעס אַ שטילן אומעטיקן מורמל — עס קומט אַריין סיידי אויך אַן אויסגעפּוצטע; שטעלט זיך אָפּ אַ פאַרוואונדערטע; קוקט אויפן אַלטן. מאַזע מאַכט זיך, אַז ער זעט זי ניט, בייגט זיך נידעריקער איבערן ספר

סיידי

טאַטע! מאַזע הייבט אויף דעם קאָפּ. ס'איז דאָך מיאוס פאַר לייטן, טאַטע.

מאַזע

וואָס?

סיידי

נעמסט און גייסט אַוועק אינמיטן שמחה.

מאַזע

וועט זיין אַ שמחה אָן מיר.

סיידי

טוסט אָפּ אַמאָל אַזוי, אַז ס׳איז — —

מאַזע

וואָס איז?

סיידי

ס׳איז אַ חרפּה.

מאַזע

איך האָב לעצטנס אָנגעהויבן פאַרשטיין: ביסט איבעריק — גיי אַוועק.

סיידי

ס׳איז ניט מער ווי צו להכעיס, טאַטע. קום צוריק, איך בעט דיך.

מאַזע

דו הערסט דאָך, וואָס איך זאָג דיר: מען דאַרף מיך ניט.

סיידי

טו עס צוליב דער מאַמען. זי זיצט שוין דאָרט און וויינט. גיט הע־רי, ניט דו.

מאַזע

זאָל זי אויך גיין אַ היים.

סיידי

זייער שיין וועט עס אויסזען... און איך זע ניט, וואָס האָסטו זיך מיטאַמאָל אַזוי באַליידיקט...

מ אַ ז ע

דו זעסט ניט? וואָלסט געוואָלט מען זאָל מיך אָננעמען פאַרן קאַרק און אַרויסוואַרפן?

ס יי ד י

איך זאָג דיר אָפן, טאַטע, ס׳איז ניט שיין.

מ אַ ז ע

גיי. וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס ביסטו מיר נאָכגעלאָפן? לאָזט מיך אַליין זיין. לאָזט מיך צורו. איך בין שוין מיד. לאָזט מיך.

ס יי ד י

גייט צו נאָענט

טאַטע, איך בעט דיך, מאַך ניט קיין לייטישע געלעכטער. וואָס וועט מען זאָגן? דער אייגענער טאַטע איז אַנטלאָפן אינמיטן. וואָס איז דאָרט אַזוינס געווען? — זאָג.

מ אַ ז ע

איך האָב דיר ניט וואָס צו זאָגן. איך האָב ניט. איך וויל דאָרט ניט זיין און שוין.

טוט זיך אַריין אין ספר

ס יי ד י

אַז אין אַלץ זעסטו קריוודעס. ס׳האָט זיך דיר עפּעס געדאַכט... קום, טאַטע. מ אַ ז ע ענטפערט ניט אַזאַ עקשן האָב איך נאָך אויף מיין לעבן ניט געזען.

מ אַ ז ע

פון היינט אָן בין איך אַן עקשן. גענוג.

ס יי ד י

ייסטו טאַקע ניט מ אַ ז ע גראָבט זיך איין טיפער אין ספר און לערנט —

כאַלד װעסטו האָבן דאָ די מאַמען אויך אַלעמען. מען הערט װי רחל-לאה קומט אָן אָט גייט די מאַמע אויך. צו די מאַמען אין האָל זאָלסט אים ברענגען, מאַמע, הערסט.

יידי אָפּ

רחל-לאה

קומט אַריין

אויף מיינע שונאימס קעפּ. טפו זאָל עס װערן.

מאַזע

קוקנדיק פון ספר אַרױס

װאָס שרייסטו אַזױ?

רחל-לאה

האָסטו געזען אַזױנס? — אינמיטן דרינען האָט אים אָנגעשפּאַרט דער למדן. האָט זיך אָװעקגעזעצט לער — נען.

מאַזע

שטייט דיר ניט אָן?

רחל-לאה

צעשרייט זיך נאָך העכער

װו מען דאַרף און װו מען דאַרף ניט קומסטו אַרױס מיט דיי־נע געננ. האָט זיך אָנגעבלאָזן מיטאַמאָל. װאָס? װען? — אויף מיינע שונאימס קעפּ. איך גיב אַ קוק -- ניטאָ אים. כבוד איז ער געקומען זוכן צװישן אַמעריקאַנער יינגעלייט. װאָס גייען זיי דיך אָן? אַ מענטש דאַרף װיסן זיין פּלאַץ. האָסטו געזען אַזױנס.

מאַזע

בין איך טאַקע אַװעק צו מיין פּלאַץ. דאָ איז מיין פּלאַץ.

ר ח ל - ל א ה

מיט טרערן

יעדע שמחה מוז אונז פארשטערט ווערן. דאָס — זיי, דאָס — ער.

מ אַ ז ע

וואָס וויינסטו, גארישע יידענע. דיין איידעם וועט זיך דאָס הארץ גיט אָפעסן דערפון.

ר ח ל - ל א ה

ער וועט זיין אַ חכם — וואָס פאַר אַ כבוד האָט זיך דיר פאַר-וואָלט מיטאַמאָל.

מ אַ ז ע

אַז ווער זוכט כבוד?

ר ח ל - ל א ה

זאָג מיר, אדרבא, וואָס האָסטו געכאַפּט הענט און פיס און אַנטלאָפן?

מ אַ ז ע

וואָס האָב איך דיר וואָס צו זאָגן? איך וויל קיינעם ניט מאַכן ענג. מיר איז גוט דאָ, אין מיינע פיר ווענט. שטיל, אַ מחיה.

ר ח ל - ל א ה

כאַפּט אַרויס דאָס ספר פון זיין האַנט

דו וועסט ניט לערנען, איצט איז ניט די צייט אויף דעם. סיירן דו ווילסט זיך מיט מיר צעקריגן. זאָלסט מיר שוין גיין צוריק. דו הערסט? עני איז ביי אונזער קינד, וואָס?

נעמט אים פאַר אַ האַנט און שלעפּט אים. מ אַ ז ע לאָזט זיך שלעפּן. גייט איר נאָך ביזן טיר און רייסט זיך אַרויס מיטאַמאָל פון אירע הענט

מאַזע

פּעסט

איך גיי ניט! רחל-לאה לאָזט זיך אַראָפּ אויף אַ שטול אין פאַרצווייפלונג.
אַז דער אָטעם פאַרכאַפּט מיר דאָרט. דער אָטעם. און די פיס ווערן אַזוי ווי אונטערגעהאַקטע. דאַכט זיך, אַן אייגענע טאָכטער, האַ, זאַן אייגענער איידעם — און די פיס ווערן ווי אונטערגעהאַקט — ווער זוכט כּבוד? ווער דאַרף זייער כּבוד? — אַך רבונו-דעלמאַ, רבונו-דעלמאַ... אויב אפילו כּבוד — איז וואָס? אַ טאַטע איז נאָך גאָרניט אַזאַ לעצטע זאַך מען זאָל אים ניט דאַרפן אָפּנעמען קיין יאָרן. אָבער, וואָס רעדסטו? ווער זוכט כּבוד? עפּעס אַנדערש, עפּעס אַנדערש —

רחל-לאה

איך ווייס ניט, וואָס דו רעדסט דאָרט.

מאַזע

דו האָסט באַדאַרפט זען מאָריס פּנים יעדעס מאָל, ווען ער האָט מיך באַדאַרפט פאָרשטעלן פאַר זיינע קרובים, פריינט — ביזנעס-לייט, פאַרשטייסטו מיך, אַזוינע מענטשן — ווי זאָל איך עס דיר זאָגן? אַך, דו וואָלסט זען זיין פּנים! היינט עני, — אַן אמתער רחמנות אויף איר, איך זאָג דיר. אַזוי געריייטלט זיך פאַר חרפּה, וואָס זי האָט נעבעך אַזאַ ניט לייטישן טאַטן — — און ס'איז ניט געווען, ווער עס זאָל זיך פאַר איר אָננעמען, פאַרענטפערן זי, אַז זי איז ניט שולדיק — נו, טאַקע, וואָס איז זי שולדיק? — „דאָס איז מיין טאָטע, מיסטער מאַזע" — אַזוי שטיל זאָגט זי עס, מיט אַ האַלבן קול, און אירע אויגן לאָזן זיך אַרונטער צו דער ערד... נו, זאָג אַליין, פאַרוואָס קומט איר אַזוי פיל חרפּה? — — רבונו-דעלמאַ — רחל-לאה וויינט נאָר דו טוסט און וויינסט. און וואָס — נעם, טו זיך פאַנאַנדער און בלייב אינדערהיים. אַך, דו מיינסט טאַקע, אַז איך בין אַזאַ נאַר צו עקשנען זיך פאַר אַ ביסל כּבוד, וואָס מען האָט באַדאַרפט מיר געבן און ניט געגעבן — דאָס ווייס

איך שוין פון לאַנג. מען האָט מיר באַדאַרפט געבן אַ ביסעלע כבוד און ניט געגעבן — נו, איז ניט — אָבער עפּעס אַנדערש. אַן אַנ-דער ענין ליגט אין דעם, גאָר אַן אַנדער ענין ליגט אין דעם, גאָר אַן אַנדער ענין — *ציטערט אויף* ווייסטו וואָס, רחל-לאה, הייב זיך אויף און גיי אַליין.

רחל-לאה

קום אויך.

מאַזע

ניין איצט איז מיר שוין קלאָר. פריער האָסטו מיך נאָך געקענט איבעררעדן. איך בין דאָך אַ טאַטע, פונדעסטוועגן: מיין האַרץ, מיינסטו, האָט מיר ניט ווי געטון — — איצט שוין ניט, מיין האַרץ טוט מיר שוין מער ניט וויי, — ניין, איצט בין איך ניט קיין טאַטע,

רחל-לאה

וואָס רעדסטו?

מאַזע

האָב ניט קיין מורא, איך זאָג זיך, חלילה, ניט אָפּ פון מיינע קינ-דער. נאָך אַלעמען זענען זיי דאָך ניט קיין ערגערע פון אַלע אַנדע-רע קינדער, און אפילו הערי — — אָט אַזוי איז דאָס. איך האָב עס שוין לאַנג געזען און געוואָרט נאָר, וואָס פון דעם וועט אַרויס-קומען — אַזאַ חשבון פיר איך מיט זיך. אי פאַר מיר. אי פאַר זיי. מעג איך דאָך אַמאָל אָנהייבן טראַכטן וועגן אונטערפירן דעם סך-הכל — ניט אַזוי, רחל-לאה? דער סך-הכל איז שוין אָבער פאַר מיר אַליין, פאַר זיי — ניט — — איצט בין איך ניט קיין טאַטע. ניין, עפּעס אַנדערש, אַן אַנדער ענין —

רחל-לאה

שפרינגט אויף מיט קראַפט

מיר טאָרן דאָס ניט טון. הערסט, וואָס איך זאָג דיר. מיין נאַרי-שער שכל באַגעמט עס ניט. מען טאָר ניט. אויף אַ קינדס שמחה דאַרף מען זיין. אויף אַ קינדס שמחה מוז מען זיין מאַזע באַטראַכט מיט גרויס נייגעריקייט איך בין אַ פּראָסטע יידענע. אַ מאַמע. איך פאַרשטיי ניט, וואָס דו רעדסט דאָרט. וואָס פאַר אַ חשבון אויף מיין קאָפּ? — אָבער איך זאָג דיר, אַז דו זינדיקסט, מרדכי. איך זע ניט וואָס דו האָסט געמאַכט אַזאַ טאַראַראַם היינט? — נו, זענען אַלע געסט ניט ווי דו, איז אַ ביסעלע ניט היימלעך. — איז וואָס?

מאַזע

אַך, וואָס רעדסטו?

רחל-לאה

שעמט מען זיך אַ ביסעלע מיט אונז. — נו, איז וואָס? אַז זיי זע-נען אַלע יינגעלייט, הייבט-וועלטיקע, אַמעריקאַנער? —

מאַזע

אַך, וואָס רעדסטו — אַמעריקאַנער; ווער האָט עפּעס צו אַמערי-קאַנער? —

רחל-לאה

איז וואָס-זשע?

מאַזע

פאַרשטייסט — — טוט אַ מאַך מיט דער האַנט ניטאָ וואָס צו רעדן. ניטאָ.

רחל-לאה

רשע!

אַ

מאַזע

ווינט זיך אום איבערן ספר, בלייבט דערנאָך זיצן גלייך
און הייבט זיך אויף און גייט אום

רשע — רשע... רבונו-דעלמא...

ער זעצט זיך צוריק אויף זיין אָרט

עס קומען אַריין ענ י און דער אַלטער ליוואַי. ענ י —
אָנגעטאָן כלה-מעסיק. דער אַלטער ליוואַי, אַ גוט-
מוטיקער ייד פֿון אַ יאָר פופציק, — ספּאָרטיש, מיט אַ
צילינדער און שטעקן

אַלטער ליוואַי

פריילעך

דאָס געפעלט מיר. זעסטו, ענילע, — דאָס איז וווּנדערבאַר. אַ ליכט, אַ ספר.

ענ י

מיט געבעט

פאַ, האַ, פאַ, קום צוריק.

אַלטער ליוואַי

וואָס, טאַקע ברוגז געוואָרן, מחותן?

מאַזע

איך בין ניט ברוגז, חלילה.

אַלטער ליוואַי

אָט דאָס וואָס איך טענה. וואָס איז דאָ ברוגז צו ווערן?... און צוריקרעדנדיק, וואָס מיר. אַלטע לייט, מ'שטייגס געזאָגט, קענען זיך שוין פרייען. זאָלן זיי הוליען, דאָס יינגוואַרג, מיין איך. זאָלן זיי הוליען. זייער צייט... — און מיר, אַלטע לייט, — ניט אמת, מחותן? — מיר דאַרפן גיין שלאָפן. שלאָפן. ווי איך בין אַ ייד...

וואונדערבאַר, ווי דערבאַר... אַ ליכט, אַ ספר... וואָס עניל, טאַקע אפילע גלעזלעך שוין אַריינגעכאַפּט? איך מיין — איך...

מאַזע שטעלט זיך אויף אַ שטול און צינדט אָן דעם גאַז, לעשט אויס דאָס ליכט

**עני**

איך האָב ניט געציילט. ווייזט אויס אַ היבש ביסל... פּאַ, גו בעט זיך איבער. קום.

**אַלטער ליוואַי**

לאָז מיך עניל. איך וועל שוין איינטענהן... דו זאָגסט אַריינגעכאַפּט, אָבער ס'איז גאָרניט. אָט נעם איך באַלד און גיי מיר אַ היים אַוועק. וואָס טויגן מיר, אַלטע לייט? שטערן נאָר. — ניט אמת, מחותן?... איז ניט וואונדערבאַר? גיי, גיי, עניל צו דיין שמחה... איך וועל שוין אַליין... וואָס מיינסטו דיר עפּעס? זענען מיר ניט קיין לאַנדסלייט? גיי, גיי, עניל.

**עני**

וועסטו קומען, פּאַ?

**אַלטער ליוואַי**

איך וועל שוין זען, גיי, גיי, עניל עני וויל גיין לאָז מיך דיר אַ קוש טון. — וואָס לויפסטו? אַ שווער מעג מען אויך אַ קוש געבן. קושט זי נו לויף, לויף — איך וועל שוין זען. עני אַ טייער קינד, איך זאָג אייך, זינט זי האָט געאַרבעט ביי מיר האָב איך פון איר נחת. אַ טייער קינד.

זוכט וווּ צו זעצן זיך

**מאַזע**

דערלאַנגט אים אַ שטול

איצט.

### א ל ט ע ר ־ ל י ו ו א י

זעצט זיך

„דיינקס" — אַט, ווי איר זעט, איין ביסעלע געגומען בין איך שוין אַן אַנדער מענטש — ניט פאַר אונז, אַלטע לייט, צו טרינקען. אָבער עס מאַכט ניט. איך זינדיק ניט. איך האָב, אַ דאַנק גאָט, ניט וואָס צו זינדיקן. טאַנצט מען ניט ווי זיי, — לאָזט מען זיי איבער געזונטערהייט און מען גייט אַהיים. קיין בייז, חלילה.

### מ א ז ע

נו, יאָ,

### א ל ט ע ר ־ ל י ו ו א י

אָבער אַ סוד וועל איך אייך זאָגן, מחותן. אַז איך וועל נאָר וועלן טרייסל איך זיי אויס אַלעמען פון אַרבל, — אַט די אַלע יינגעלייטלעך, וואָס איר האָט געזען דאָרט. — מיינען — גאַנצע קנאַקערס. ביזנעסלייט אין אַמעריקע. וואָס ווייסן זיי פון ביז־נעס? — אויף אַלעם פּאַרטיקן גע ,ומען — כע, כע — אַט זאָלן זיי פּרוּוון מיט אַ פּושקאַרט אָנהייבן, אַט די קנאַקערס — גאָר פונדאַסניי אָנהייבן, ווי איך מיט צוואָנציק יאָר צוריק — מיט אַ פּושקאַרט, — שטופּן, שטופּן דאָס וועגעלע מיט די צוויי רעדלעך — כע, כע —

### מ א ז ע

נו, יאָ.

### א ל ט ע ר ־ ל י ו ו א י

אַ דאַנק גאָט, איך זינדיק ניט. געשטופּט דאָס וועגעלע, גע־שטופּט, געשטופּט, — אָבער דערשטופּט — איך האָב ניט ליב צו באַרימען זיך, — אָבער ס'איז גוט צו דערמאָנען עס אין פריידן. ווייל וואָס איז זיך צו שעמען? אין אַמעריקע, ברוך־השם, איז עס קיין שאַנדע ניט — ס'אי אַ גרויסע קונץ דאָס ווע־

געלע, זאָג איך אייך. או, אַ גרויסע קונץ — און מען דאַרף עס שטופּן, מען מוז שטופּן דאָס וועגעלע — מען מוז שטופּן, מען מוז, מען מוז. נו, נעמט אַזאַ ייד, ווי איר —

מ אַ ז ע

וואָס איך?

אַ ל ט ע ר ל י וו א י

איך מיין, חלילה, גאָרניט. האָט קיין פּאַראיבל ניט. אָט אַזוי זענט איר שוין, זינט איך קען אייך, אַ שאַרפער ייד — איך זאָג נאָר: מען דאַרף ניט אַרונטערלאָזן די נאָז — אודאי איז דאָ ניט אַזוי ווי דאָרט, „אין די אָלד קאָונטרי״; און ניט אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ יידן ווי איר — אַן אַנדער וועלט. אַן אַנדער וועלט —

מ אַ ז ע

וואָס מיינט איר צו זאָגן?

אַ ל ט ע ר ל י וו א י

איך מיין, חלילה, גאָר ניט. איך זאָג נאָר — מיט רוגזה, מיין פריינט, קען מען גאָרניט אויפטון —

שווערע פּויזע. מ אַ ז ע הויבט זיך אויף אַן אויפגערעגטער.

אַ ל ט ע ר ל י וו א י

אַז איר זענט אַ מאָדנער ייד. דאַכט זיך וואָס — און איר זענט שוין ברוגז געוואָרן -- זעצט זיך, זעצט זיך...

מ אַ ז ע

איך בין ניט ברוגז אויף קיינעם.

אַלטער ליוואי

גיין. האָט זיך מיר נאָר אויסגעדאַכט אַזוי... און איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, מחותן: איר זענט טאַקע אַנדערש ווי אַלע. איך געדענק אייך נאָך פֿונדערהיים, — ווער געדענקט עס ניט די מאַזעס?... האָב איך טאַקע שוין אַליין פֿאַר די לעצ־טע טעג געטראַכט: ר׳ מרדכין דאַרף מען אוועקשטעלן ביי אַ ריינערער אַרבעט...

מאַזע

שפּרינגט אויף

חלילה, חלילה, ווער זאָגט עפּעס...

אַלטער ליוואי

וואָס הייסט? אַז מיר גיבן אייך אַ לייכטערן דזשאָב.

מאַזע

אַז איך פֿאַרלאַנג ניט, איך פֿאַרלאַנג ניט קיין לייכטערן דזשאָב.

אַלטער ליוואי

איך פֿאַרשטיי אייך ניט. איך האָב שוין גערעדט אַפֿילו מיט מאָריסן. ער זאָגט אויך...

מאַזע

פֿעסט

איך פֿאַרלאַנג ניט. איך וויל ניט. גאָר ניט.

אַלטער ליוואי

היינט גיי ווייס. איך טענה דאָך אייך: עס קען ניט זיין...

מאַזע

וואָס קען ניט זיין?

אַ ל ט ע ר ל י וו אַ י

אָט, איך ווייס וואָס זיי רעדן דאָרט... מכח דעם סטרייק פּלומרשט, זיי זאָגן: איר אויך. און איך טענה: עס קען ניט זיין דאָך. בפרט נאָך איצט —

מ אַ ז ע

וואָס איז איצט?

אַ ל ט ע ר ל י וו אַ י

איך מיין חלילה גאָרניט... זעצט אייך. וואָס איז מיט אייך?

מ אַ ז ע

ארומגייענדיק

איר גיט אַ זאָג — איצט... וואָס איז איצט, מיינט איר?

אַ ל ט ע ר ל י וו אַ י

גאָרניט, גאָרניט. זעצט אייך. זייט איר אַ כּעסן!

מ אַ ז ע

אַ כּעסן. וואָס פאַר אַ כּעסן. איר גיט אַ זאָג מיטאַמאָל — איצט, איר מיינט, אַז איצט איז שוין!

אַ ל ט ע ר ל י וו אַ י

איך האָב גאָרניט געמיינט... צו רייד געקומען, מען האָט גערעדט האָב איך געזאָגט... שטעלט זיך אויף אַ, פּאַרדאַמט זאָל עס ווערן, אָט אַזוי ווי איר זעט, מחותּן, איז שטענדיק נאָר טראָבל און טראָבל... ווייסט איר וואָס, מחותּן, קומט, לאָמיר צו גיין אַ ביי-סעלע.

מ אַ ז ע

ביין, ניט נויטיק.

אַלטערליוואַי

וואָס איז? מען וועט נאָך פאַרברענגען אַ ביסל... די קינדער וואַרטן דאָך — צו דער אַרבעט קענט איר דאָך מאָרגן ניט גיין.

מאַזע

וואָס איז דאָס פאַר אַ רייד? וואָס עפּעס ניט גיין צו דער אַרבעט?

אַלטערליוואַי

עס מאַכט ניט, איר וועט אייך אויסרוען אַ פּאָר טעג.

מאַזע

אַז ווער וויל זיך אויסרוען? איך וויל זיך ניט אויסרוען — אויסרוען...

אַלטערליוואַי

נו, גייט איר טאַקע ניט?

מאַזע

ניין, ניין.

אַלטערליוואַי

זייט איר דאָך טאַקע אַן עקשן... נו איך וועל נאָך צוגיין אויף אַ ווײַלע. עס ווערט שפּעט. איז וואָס זאָגט איר, מחותּן, — ניין, איר גייט ניט — נו, האָט מיר אַ גוטע נאַכט.

מאַזע

אַ גוטע נאַכט.

אַלטערליוואַי

אין טיר

אַי, זייט איר אַן עקשן — אַ גוטע נאַכט. אַ גוטע נאַכט.

אָפּ

מ אַ ז ע זעצט זיך צוריק צום ספר. מיטאַמאָל — מען קלינגט. מ אַ ז ע שפרינגט אויף מיט כּעס, וויל לויפן צו דער טיר עפע־נען, ערשט די, וואָס האָבן געקלונגען, זענען שוין אַריינגעקומען: א ב ר ה ם ד י ן און ר' ע ל י ע. ביידע עלטערע יידן. ר' ע ל י ע — אַ זקן; מ אַ ז ע קוקט ווי אַן פאַרחידושט

ב יי ד ע יי ד ן

גוט וואָך, גוט וואָך — גאָר אָפן די טיר ביי אייך, מרדכי.

מ אַ ז ע

גוט וואָך, גוט יאָר, זיצט.

ד י ן

אין אַמעריקע דאַרף מען האַלטן די טיר צוגעשלאָסן. און נאָך ביי נאַכט. אַבי מיר קלינגען.

ר' ע ל י ע

איך טענה דאָך. ס'איז אָפן, זעט איר ?

ד י ן

גאָר איינער אַליין, ר' מרדכי ?

מ אַ ז ע

יאָ, אַליין,

ר' ע ל י ע

איינינקער אַליין, אַי, אַי, אָי, אַ לעבן אויף אייך. זיצט און לערנט; איינינקער אַליין.

ביי‌גט זיך איבער די גמרא מיט זשעדנע אויגן

מ אַ ז ע

מען קוקט אַריין אַ ביסל אין אַ ספר.

ר׳ עליע

אנטציקט

טאַטעלעך מיינע, אָט זענען דאָך די ליכטיקע אותיותלעך — שוין לאַנג ניט אָנגעקוקט זיי אין די אויגן... אי, אַי, אַי. פאַרזינדיקט, פאַרזינדיקט... זיצט אייניקער אַליין און לערנט. אַ לעבן אויף אייך — — —

מאַזע

פאַרוואָס זיצט איר ניט?

דין

זייט זיך ניט מטריח, ר׳ מרדכי. שוין גוט.

זעצט זיך — ר׳ עליע באדעט אום אַרום דעם ספר

מאַזע

וואָס איז ר׳ עליע? אַזוי אויסגעהונגערט זיך אין אַמעריקע?

ר׳ עליע

אָי, אָי, אויסגעהונגערט זיך. אַזוי ווי אין אַ מדבר אויסגעהונגערט זיך נאָך גאָטס וואָרט... זיצט אייניקער אַליין און לערנט, אַ לעבן אויף אייך — — — געפינט זיך ניט קיין אָרט איר זעט, — רבי יוסא אומר — — — פאַרזינדיקט, יידן. ווי שטייט געשריבן דאָרט? קלאַפּט זיך אין שטערן שוואַך געוואָרן אויפן זכרון, ניט פאַר אייך גע-דאַכט... פאַרגעסן. אַזאַ ליכטיקע וועלט — און אינגאַנצן אָפּגע-מעקט פון זכרון... אַבי אייבער געפינט זיך נאָך, וואָס האַלט אַ ספר אין האַנט — זיצט אייניקער אַליין און לערנט, אַ לעבן אויף אייך.

דין

האַרט

נו, זעצט זיך שוין, ר׳ עליע, וואָס האָט איר זיך צעגאָסן אַזוי? ווער לאָזט אייך ניט אַריינקוקן אין קיין ספר?

### ר׳ עליע

האַ, וואָס ? גערעכט, גערעכט, ר׳ אברהם. שמייך קומט מיר, פייער־דיקע שמיץ. און מען וועט טאַקע שמייסן . . . אָי, אָי, וועט מען שמייסן . . . מען טאָר ניט פאַרגעסן, מען טאָר ניט. שכחה איז די גרעסטע עברה . . .

ועצט זיך אריין אין א שטול

### דין

צו מאזען

שוין אודאי אַ בן־שבעים.

### מאַזע

אפשר טרינקען אַ קאַלט ביסל וואַסער ר׳ עליע ?

### ר׳ עליע

ניין, ר׳ מרדכי, זייט זיך ניט מטריח. ניט דורשטיק, אַ לעבן אויף אייך... אַנטקעגן דעם וואָס איר זאָגט: אַ ספר — עס פעלן מיר דען ספרים ? שטייען אויסגעשטעלט ביי מיר אין שאַפּקעלע. נאָך פון דאָרט געבראַכט... אָבער וואָס זאָל איך לייקענען, ליבע יידן, — איך בין זיך פאַר אייך מודה־ומתודה, שוין פון יאָרן ניט אַריינגעקוקט אין זיי...

### דין

ווער לאָזט אייך ניט ?

### ר׳ עליע

האַ? וואָס ? שייך צו זאָגן — מען לאָזט מיך ניט... ניט קיין תירוץ, ניט קיין תירוץ... וואָס הייסט מען לאָזט מיך ניט ? אַ גאַנצן טאָג — ווייסט איר דאָך, מען קלייבט די שמאַטקעלעך... און ביי נאַכט — מען קומט אַ היים, איז קוים וואָס מען בענטשט אָפּ, שוין קלעפּן זיך די אויגן, אַ לעבן אויף אייך... און מיין אַלטיטשקע ביז הונדערט און צוואָנציק יאָר, ליגט שוין צוויי יאָר צו בעט... די פיס,

ניט פאַר אייך געדאַכט, די פיס — איז אפילו שבת קען מען זיך ניט אַוועקזעצן מיט קיין רויקן קאָפּ. און אויף אַ ספר דאַרף מען אַ רויקן קאָפּ האָבן, אַ ליכטיקן, ליבע יידן... ווי שטייט געשריבן? פאַרגעסן, פאַרגעסן — און אַז איך נעם שוין יאָ אַמאָל אַ ספר, איז — אַ חרפה גאָר צו דערציילן...

מ אַ ז ע

פאַרוואָס אַ חרפה, ר׳ עליע?

ר׳ ע ל י ע

האַ? וואָס? זאָלט איר מיר געזונט זיין, ר׳ מרדכי, ס׳פינטלט אין די אויגן, אָט וואָס. דאַכט זיך די אייגענע אותיותלעך, און דאָך ניט די אייגענע — ניט אַמאָליקע — שפּרינגען, דרייען זיך און — אויס... אַזוי ווי אַ רויך וואָלט זיי צוגעדעקט — — — חושך, ממש חושך —

מ אַ ז ע

פאַרוואָס טראָגט איר ניט קיין שפּאַקולן, ר׳ עליע?

ר׳ ע ל י ע

שפּאַקולן? אודאי, איך האָב שפּאַקולן, ווי דען? אָבער ניט דאָס, ר׳ מרדכי. אַז ס׳איז ממש חושך — וואָס העלפן שפּאַקולן?... אַ מאָל כאַפּ איך זיך אויף ביי נאַכט און וויל צוגיין אַרויסנעמען אַ ספר, איז, וואָס מיינט איר. איך גיי, מיינט איר צו? חס-וחלילה — איך זיך אויפן בעט אַזוי, די אַלטע מיינע זאָל ניט הערן, און קוק פונ־דערווייטנס — אַזוי ווי ניט אין מיין שטוב גאָר — ווייט, ווייט שטייען זיי... און אַזעלכע מחשבות קומען אין קאָפּ — ניט קיין תירוץ, ניט קיין תירוץ —

ד י ן

איר זאָלט אים לאָזן אַזוי רעדן, איז — ביז טאָג. גענוג שוין, ר׳ עליע. מיר זענען דאָך געקומען — —

מאַזע

עס מאַכט, עס מאַפּט ניט.

ר׳ עליע

וואָס איך רעד דען אַ סך ? פון מיינעטוועגן —

דין

איר פאַרשטייט דאָך, ר׳ מרדכי, נאָך וואָס מיר זענען געקומען. איר שטויסט זיך שוין אָן.

מאַזע

איך מיין —

דין

איז אַזוי, ר׳ מרדכי. אויף דינסטאָג פרי האָבן די יידן אונזערע אָפּגעמאַכט —

מאַזע

וואָס הייסט אָפּגעמאַכט ?

ר׳ עליע

אָפּגעמאַכט, אַ לעבן אויף אייך אָפּגעמאַכט.

דין

מיר האָבן דאָך געהאַט אַן אסיפה. וואָס הייסט, אַז איר זענט ניט געקומען ?

מאַזע

הייסט דאָס, אַז די מתים ווילן טאַקע גיין טאַנצן . . . ווייניק חרפות, האַ ?

דין

וואָס רעדט איר, ר, מרדכי ?

מ אַ ז ע

שמאַטניקעס האָבן איין זאַך גאָר צו טון — קלויבן שמאַטעס...

ר׳ ע ל י ע

אַז זיי זאָגן אַלע: מען דאַרף אַרויסגיין אין אַ סטרייק, הייסט עס. וואָס שייך — זיי ווייסן בעסער... איר וואָלט באַדאַרפט הערן ווי מאַליץ האָט דאָרט גערעדט — אַי, אַי, — אַ לשון. אַ מזיק, זאָג איך אייך. מען דאַרף, זאָגט ער, דעם טרייד פון שמאַטניקעס אויך אָרג... ווי זאָגט מען עס?

ד י ן

אָרגאַניזירן, ר׳ עליע.

ר׳ ע ל י ע

גאָלדענע ווערטער, ר׳ מרדכי — דעם טרייד פון שמאַטקעלעך אָר־גאַניזירן, אַ לעבן אויף אייך — — —

ד י ן

דריי דאָלאַר אַ וואָך אַ רייז און ניין שטונדן, ניט מער.

מ אַ ז ע

גייט ארום איבערן שטוב

אַזוי? ניין שטונדן? אַזוי? און ניט מער?

ד י ן

אָבער איך טענה, מען דאַרף ניט רייצן זיך. מיט אַנדערע דרכים דאַרף מען.

מ אַ ז ע

וואָס פאַר אַ דרכים?

דין

אָט דאָס איז דאָך וואָס איך טענה: מען דאַרף גיין צו ליוואַי, צום ייִנגן, ניט צום אַלטן, — דער אַלטער איז, נו, האָט קיין פּאַראיבל ניט —

מאַזע

מאַכט מיט די הענט

נו, נו, איר מעגט רעדן.

דין

מען דאַרף גיין צום ייִנגן און זאָגן: אַזוי און אַזוי... מיט גוטן, ניט מיט בייזן — — וואָס הייסט, וואַרפן די אַרבעט? ייִדן דאַרפן גיין מיט גוטן, וואָס שייך —

מאַזע

פּעסט

מען דאַרף ניט גיין!

דין

וואָס הייסט?

מאַזע

ניטאָ קיין גייעניש. וואָס פּאַר אַ גייעניש אויף אייך. ניט צום אַלטן און ניט צום ייִנגן. צו קיינעם ניט — רבונו-דעלמא, וואָס איז אייך אַלעמען מיט אַמאָל אַזוי ערגער געוואָרן? וואָס פאַר אַ בהלה מיט אַמאָל?

ר׳ עליע

אַי, אַי, אַ לעבן אויף אייך, ר׳ מרדכי, גאָלדענע ווערטער.

דין

שווייגט, ר׳ עליע... איך פאַרשטיי אייך ניט, ר׳ מרדכי. אפשר איר

קענט איך דערווייזן, איך מיין — איך גייט עס אפשר ניט אַזוי אינם לעבן —

מ אַ ז ע

וואָס ? רעדט קלאָר. איך פאַרשטיי אייך שוין. איר זענט ניט דער ערשטער, וואָס גיט מיר אַזוי אַ זאָג. טוט אַ קלאַפּ אויפן טיש אַז איר וועט עס מיר נאָך אַמאָל זאָגן — קענט איר אייך גיין פון דאַנען, אַזוינע ווערטער וויל איך ניט הערן.

ד י ן

חלילה, חלילה, ר׳ מרדכי, איך האָב ניט געמיינט.

ר׳ ע ל י ע

מיט גוטן, מיט גוטן, ר׳ מרדכי, אַ לעבן אויף אייך.

ד י ן

נעמט אָן מאַזען פאַר די הענט, זעצט אים אַנידער

נו, נו, ר׳ מרדכי, קיינער מיינט ניט, חלילה...

ר׳ ע ל י ע

אָי, אָי, איר כאַפּט דאָך ניט וואָס ר׳ מרדכי מיינט. ער איז דאָך געדערכט. אַזוינע יידן, ווי מיר — אַ רייז, ווער דאַרף אַ רייז ? אַי, אַי, אַי, גאָט זאָל ניט שטראָפן פאַר די רייד... ווי ר׳ מרדכי זאָגט — שמאַטניקעס. געאַרבעט ביז אַהער שטיל, איז וואָס עפּעס מיט אַמאָל ? האַ ? ס׳טייטש, ווי קומט עס ?... אַ לעבן אויף אייך, ר׳ מרדכי. אַבי איין ייד איז נאָך פאַראַן, וואָס האָט ניט פאַרלוירן די ביסעלע גאווה, די יידישע גאווה — וואָרים, ווי שטייט געשריבן... מאַטערט זיך צו דערמאָנען חרס הנשבר, אָט, אָט — און אויס.

ד י ן

ווילט איר טאַקע ניט נעמען אויף זיך צו רעדן מיטן יינגן ?

מ אַ ז ע

ניין.

ד י ן

דער שאַפּ האָט דאָך אונז אויסגעקליבן מיר זאָלן גיין צו אייך וועגן דעם.

מ אַ ז ע

געגנוג חרפות, געגנוג... ביזן האַלדז שוין. אָט ביז דאַנען שוין... זאָגט די יידן, אַז איך הייס ניט.

ד י ן

איר זענט אָבער דער איינציקער, וואָס קען זיך משתדל זיין.

מ אַ ז ע

שפיכת דמים האָט אַ גרענעץ, צי ניט? איך פרעג אייך? — בזיון האָט אַ מאָס, צי ניט? האַ? איר הערט, וואָס איך זאָג אייך: איך בין ניט מסכים, אויך קיין זאַך ניט. ניט מסכים. ר׳ עליע ויצנדיק דרעמלט איין רעגס. די טבע פון רעגס איז אַרונטערפאַלן פון טיש, פון אונטער דער שער, און אָפּגעשאַרט ווערן מיטן פוס — און אַז עס קלויבן זיך אָן גאַנצע קופּעס, נעמט מען זיי אַהין, ווו מען דאַרף... אין איין פּלאַץ. איר ווייסט ניט, וואָס מען טוט מיט רעגס? איר ווייסט ניט, האַ? איר ווייסט ניט?

ד י ן

אוי, אוי, וואָס רעדט איר ר׳ מרדכי?

מ אַ ז ע

ווייזט אויף ר׳ עליען

איר זעט? עמעצער דאַרף אים, האַ? עמעצער פרעגט אויף אים? אָפּגעשניטן מיטן שער, אַרונטערגעשליידערט — איז וואָס זאָל ער טון? זאָל ער זיך אויפכאַפּן שרייען, מאָנען? צו וועמען זאָל ער

שרייען, און ביי וועמען זאָל ער מאָנען? ביי זיי, ביי די ליוואַיס? זיי וועלן ראַטעווען?... איך בין ניט מסכּים, איר הערט, איך בין ניט מסכּים!

### ד י ן

קלאַפּט מיטן פינגער איבערן טיש

איר מעגט שוין אויפשטיין, ר׳ עליע. מיר׳ן אַהיים גיין.

### ר׳ ע ל י ע

כאַפּט זיך אויף

אַי, אַי, ניט געזען גאָר ווי איינגעדרימלט... שוואַך, שוואַך, ניט פאַר אייך געדאַכט.

### ד י ן

קומט, ר׳ עליע.

### ר׳ ע ל י ע

לאָזט זיך צום טיר. צו מאזען

נו, וואָס אָפּגעמאַכט, אַ לעבן אויף אייך?

### ד י ן

בייז

אָפּגעמאַכט, אָפּגעמאַכט, קומט. אַ גוטע וואָך, ר׳ מרדכי. האָט קיין פאַראיבל ניט.

### מ אַ ז ע

אַ גוט יאָר, אַ גוט יאָר. גיט אכטונג ווי איר גייט פון די שטיגן, ר׳ עליע.

### ר׳ ע ל י ע

אַ גוטע וואָך ר׳ מרדכי... שוואַך, שוואַך, זוכט די מזוזה און קושט זי. שוין אַרויסגייענדיק הערט מען זיין קול אַ רייז, ווער דאַרף אַ רייז?

בײדע ײדן אָפּ. — מאַזע שטײט בײם טיש און בלעטערט
מיט ציטערדיקע הענט דאָס ספר, רחל-לאה לויפט
אַרײַן אַ צװײטן מאָל

רחל-לאה

אַ פאַרצװײפלטע

װײ איז מיר, װײ איז מיר...

מאַזע

דערשראָקן

װאָס איז, רחל-לאה?

רחל-לאה

װי קענסטו דאָ זיצן? װי קענסטו דאָ אײַנזיצן? מרדכי, איך בעט דיך: קום צוריק, קום צוריק.

מאַזע

אַז איך קען דאָרט ניט זײַן... מײַן בלוט װערט פאַרצאַפּט... גװאַלטי װאָס װילט איר פון מיר האָבן? װאָס װילט איר פון מיר אַלע האָבן? פון אַלע זײַטן —

רחל-לאה

כאַפּט זיך אַרויף אויף אַ שטול און לעשט אויס דעם גאַז

אַלסט מיר שוין גײן צוריק... איך װעל דאָס ניט אויסהאַלטן —

שלעפּט אים פאַר די הענט

מאַזע

לאָזט זיך שלעפּן

װאָס װילט איר פון מיר האָבן? רבונו-דעלמא... פון אַלע זײַטן, פון אַלע זײַטן...

רחל-לאה שלעפּט אים אַװעק מיט געשרײען, אײַנטענהדיק מיט אים

אָרהאַנג

# דריטער אקט

אַ שאַפּ פֿון רעגס. אויף גרויסע, לאַנגע טישן ליגן הויכע קופּעס פֿון אַלערליי סחורה־רעשטלעך. מערסטנטייל — קליינע, דינע ווי צעבראָכענע לענטעס. אייניקע קופּעס — פֿון גרויסע שטיקער, אַ געמיש פֿון אַלערליי קאָלירן שטאָפֿן. פֿיל קופּעס ליגן אויפֿן דיל. אין איין אָרט ליגן די פּעקלעך, וואָס זענען אויסגעסאָרטירט געוואָרן. יעדער קאָליר אין באַזונדערע בינטלעך. בײַ די טישן פֿון ביידע זײַטן שטייען עלטערע ייִדן, יעדער בײַ זײַן קופּע און קלויבן שטיקער, קאָליר צו קאָליר. אייניקע אַרבעטן בײַ קופּעס, וואָס ליגן אויפֿן דיל: זיי זיצן אויף נידעריקע טאַבורעטקעס און רירן זיך מיט די הענט, וואַרפֿן די לענטעס רעכטס און לינקס, אויפֿהויבנדיק געדיכטן שטויב איבער זיך. — עס אַרבעטן בײַ צוויי מנינים ייִדן, אַלע כּמעט אין עלטער פֿון איבער פֿופֿציק יאָר. אייניקע שוין גאָר זקנים. זיי אַרבעטן און זענען דאָך ניט קיין אַרבעטער. ס'איז ניט אין זיי דער שטעל, ניט דאָס באַוווּסטזײַן און ניט די זיכערקייט פֿון אַן אַרבעטער. עפּעס אַ פֿוילקייט, אַפּגעלאָזנקייט, אַ ביטול הענגט איבער זיי אַלעמען, און אין די פֿינגער פֿון זייערע הענט, ווי זיי רירן זיך אין די שטויביקע שמאַטקעס, ליגט אַזאַ מין געבראָכענער צער און אומבאַהאָלפֿנקייט. אָט דער געבראָכענער צער פֿילט זיך נאָך מער אין זייערע בערד, יאַרמולקעס, וואָס זיי טראָגן אַלע אויף די קעפּ און אָפּגעריסענע פֿאַרשטויבטע בגדים און שיך. — מען זעט גלייך, אַז דאָס זענען ייִדן, אַריבערגעקומענע פֿון אַנדערע לענדער. אויף די פּנימער פֿון אייניקע זענען נאָך ניט פֿאַרגאַנגען די סמנים פֿון אַמאָליקער למדנות, באַלעבאַטישער שטאָלץ און יהוסדיקייט. — ווי פֿאַרשידן זיי זענען ניט אייגנע פֿון די אַנדערע פֿילט זיך אין זיי עפּעס אַלגעמיינס, אַזאַ מין קרובהשאַפֿט, וואָס זייער איצטיקער שטאַנד און גורל האָט אויסגעשפּאַרט אויף זיי. — זיי זעען אויס ווי אַ סטאַדע שאָף, וואָס אַ שטורעם האָט צוזאַמענגעטריבן אונטער איין דאַך. די סטאַדע פֿילט און שפּירט, אַז דער שטורעם וועט שוין קיינמאָל ניט אויפֿהערן. — אין זייערע רייד און באַוועגונגען איז ניטאָ קיין קראַפֿט און ניט קיין ווילן און ניט קיין האָפֿנונג —

נענטער צו דער סצענע אויף טאַבורעטקעס זיצן שמואל מאָזיע און ר' עליע. — עטלעכע טירן פירן אין פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון שאַפּ. איין טיר — צו די טרעפּ פון די אַנדערע עטאַזשען און אויך אַן אַרויסגאַנג צום גאַס. אַ פּאָר יידן טראָגן אַרויס די פאַרטיקע בינטלעך, גייען הין און צוריק, ברענגען נייע פּעקלעך, אָנגעפּולטע זעק מיט רעגס. אַ ייד פון יאָר פערציק מיט אַ שפּיציק בערדל, אַ פאָרמאַן קומט פון צייט צו צייט באַטראַכט די אַרבעט, פאַרשווינדט ערגעץ אין די טירן פון אַנדערע אָפּטיילונגען. — עס איז אַ זייגער עלף אין פרימאָרגן. די זון שיינט אַריין דורך די פענסטער, באַלייכט דעם שטויב, וואָס טראָגט זיך אין דער לופטן. — ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף שטויען אַלע ביי זייערע פּלעצער און אַרבעטן, און מען זעט גלייך אַז היינט, מער ווי אַלעמאָל, גייט די אַרבעט פויל איבער-געוואַלט. אַלע פּנימער זענען אָנגעשטרענגט. עס גייט אָן אַ שמועס פון אָנפאַנג שטיל. דורכוואַרפנדיק זיך מיט ווערטער אַזוי פונדערווייט איינע צו די אַנדערע, און ביסלעכווייז ווערט דער שמועס העכער. עס שמועסן אַלע, יעדער מיט זיין שכן. טיילמאָל הערט מען נאָר אַ מורמל, קיין ווערטער גאָרניט; מאָזיע שווייגט די גאַנצע צייט, זיצט אַריינגעטון אין די רעגס, וואָס נעבן אים און טוט ניט אפילו אַ הייב דעם קאָפּ. העכער פון אַלעמען הערט מען די עטלעכע יידן, וואָס אַרבעטן אויפן לאַנגען טיש לינקס;

## ר׳ איצע

ס'האָט מיר אַ פּנים פון חוזק די גאַנצע מעשה...

## ר׳ חיים

וואָס עפּעס? ס'הייסט?

## ר׳ זלמן

פּע. פּע, ר'איצע. — אחדות.

## ר׳ איצע

זאָלן מער שונא-ציון ניט לעבן וויפיל איך וועל דאָ אייגאַנצן שטיין.

ר׳ חיים

אָבער כּל-זמן מען שטייט — שטייט מען דאָך.

ר׳ איצע

גאָט וועט מסתּמא העלפן. אייביק טאַקע ביי די שמאַטעס, מיינט איר —

ר׳ חיים

ווידער די קענדי סטאָר, ר׳ איצע, האַ?

ר׳ איצע

אם-ירצה-השם, אם-ירצה-השם.

ר׳ חיים

שוין צייט אויפהערן וועגן דער קענדי סטאָר, ר׳ איצע... שוין ווי-פיל יאָר אַז איר רעדט: שוין אַ דאַנק גאָט — פינף יאָר...

ר׳ איצע

נו, איז פינף יאָר — גאָט וועט העלפן, גאָט וועט העלפן.

ר׳ חיים

ניט אַזוי לייכט פּטור צו ווערן פון די שמאַטעס... האַ, ווען האָב איך אָנגעהויבן? — פון די ערשטע געווען, גאָר פון די ערשטע... אַ קליין שאַפּקעלע געווען — אַנדערע יידן געזען דעמאָלסט, שטאַר-קערע.

ר׳ איצע

איין ביסעלע געלט פעלט מיר אויס — אָבער גאָט וועט העלפן... מיינט ניט, איך האָב שוין אָנגעקוקט אַ פולע סטאָרקעס — — — געכטן אויך געזען אַ פיין סטענדל, גאָר אַ פיינס... אַלע טאָג פון דער אַרבעט, ווען איך גיי, כאַפּ איך מיר אַ קוק — אַ שותּף מיט אַ ביסעלע געלט — אָבער ווו קריגט מען אים?

ר׳ זלמן

אַ גוואַלטיקער יחוס אַ קענדי סטאָר, שייך צו זאָגן.

ר׳ איצע

געפעלט אייך ניט דער יחוס? שטייט אייך דאָ, ווער לאָזט אייך ניט.

ר׳ זלמן

מען וועט שטיין, ר׳ איצע. אוי וועט מען שטיין. וואָס דען? מען וועט ניט שטיין? ווהין וועט מען גיין אַנדערש? די גאָלדענע געשעפטן וואָס וואַרטן אויף אונז, האַ? מען האָט דאָך טאַקע אָנגעגרייט פאַר אונז... יאָ אַ רייז, ניט אַ רייז — מען וועט שטיין.

אַ ייד

פונם צווייטן עק טיש, אַ שמאַמלער

אויב שוין ביזנעס, איז אַ פּושקאַרט דאָס בעסטע. פרעגט מיך, איך ווייס.

ר׳ איצע

זעט נאָר, ווער עס רעדט וועגן אַ פּושקאַרט. מען דאַרף קענען אַ מויל עפענען.

אַ ייד

פון צווייטן עק טיש

ניש קשה, צווישן יידן ווערט מען ניט פאַרפאַלן. אַז מען קען ניט קיין ענגליש איז שוין עק וועלט, וואָס? אַ וואָרט אַהער, אַ וואָרט אַהין. מען כאַפּט שוין.

ר׳ איצע

איר רעדט ווי אַ גרינהאָרן. ער דערציילט מיר וועגן ביזנעס.

עטלעכע יידן

פון דער זייט

קוקט אים אָן דעם אמעריקאנער.

ר׳ איצע

לענגער פון אייך אין אמעריקע.

די יידן

פון דער זייט

גיט אים אָפּ מזל־טוב, יידן. מזל־טוב, מזל־טוב, ר׳ איצע.

געלעכטער. ר׳ איצע פּאַר כעס מורמלט עפּעס מיט די ליפּן

ר׳ זלמן

אָבער וואָס נעמט עס ביי זיי אַזוי לאַנג, האַ? יידן, גייט ווער צו שטילערהייט צום אָפּיס, אָבער שטילינקערהייט.

ר׳ חיים

עס גייען ניט די הענט היינט, עס אַרבעט זיך ניט.

עטלעכע יידן

פון מיטן דיל: שטעלן זיך אויף, האַלטן אין די הענט רעגס

— וואָס פאַר אַ מזל־ברכה עס קען שוין זיין אין אונז אַרבעט. מען שטייט ווי אויף שפּילקעס.

— אַזוי ווי ערב־שבת.

— זיי מיזן זיך דאָרט שטאַרק האַמפּערן, אודאי.

— אָבער וואָס זאָגט איר אויף מאַליצן, האַ? ער האָט ניט מורא.

— אויב עס זאָל חלילה גאָר ניט ווערן, קען ער נאָך פאַרלירן דעם דזשאַב.

— וואָס הייסט? אַלע צוזאַמען. מען טאָר עס ניט דערלאָזן.

— אויב ער וועט ניט נאָכגעבן וועלן מיר אַרונטער אין סטרייק. וואָס, מיר׳ן ניט קענען סטרייקן?

זיי קומען זיך צוזאַמען און בילדן אַ רעדל

## אַ ייִד

פֿון צווייטן עק טיש. הויך

ייִדן, ייִדן, זעצט זיך צו אייער אַרבעט, וואָס פֿאַר אַ רעדל אײַנ-מיטן דרינען. באַלד קומט קרח אַרײַן.

## די ייִדן

פֿון רעדל

— קרח איז אויך דאָרט, מסתּמא, אין אָפּיס. וואָס דען?

— ער וועט ניט אַרײַנשטעקן זײַן נאָז?

— וואָס מיינט איר? אייביק מורא האָבן פֿאַר קרחן?

— מיר וועלן אויך קענען סטרײַקן. מען דאַרף פּרוּוון אַמאָל. אָנלערנען.

— מיטן אַלטן וועט מען גאָרניט מאַכן. איך זאָג אײַך, אַ ייִד — אַ גזלן.

— ששש, שטילער אַ ביסל, ייִדן.

— און אויב ער וועט געבן איין דאָלאַר אַ רייז, וואָס וועלן מיר טון, האַ?

— דרײַ דאָלאַר, דרײַ, ניט ווייניקער.

— איך ווייס, מען וועט שוין זען. זאָל ער נאָר דעם איין דאָ-לאַר געבן.

— דרײַ דאָלאַר, דרײַ דאָלאַר. ניט ווייניקער.

— נו, מילא, מילא, וואָס שײַך. כ'מע...

## ר' זלמן

אָן לאָזט מיך נאָר. אַז אַלע האָבן מורא צו גיין אַ קוק טון.

גייט צו דער טיר

## שטימען

ר' זלמן, מען דאַרף ניט. מען דאַרף ניט קריכן.

ר׳ זלמן

שטילינקערהייט, שטילינקערהייט.

גייט אַרויס

ר׳ איצע

זעט נאָר, ר׳ זלמן איז פֿאַרקאָכט אַזוי. אַ געוואַלטיקע מעשה.

ר׳ עליע

הייבט אויף זיין קאָפּ פון איבער זיין ארבעט

יידן, יידן, אַי-אַי-אַי-אַי אַ לעבן אויף אייך. וואָס פֿאַר אַן אסיפה אינמיטן שאַפּ. דערווייל דאַרף מען אַרבעטן... ניט רעכט, ניט רעכט.

איינער

פון רעדל

הײנט מעג מען, ר׳ עליע, הײנט מעג מען. איך האָב נאָך אפילו קיין צען פונט ניט אָפּגעקליבן.

ר׳ עליע

וועט מען אייך אַרונטערעכענען. וואָס איז דאָ צו רעדן. אַי-אַי-אַי, ניט רעכט, יידן.

איינער

פון רעדל, צעלאָזט זיך

קומט, ר׳ עליע, קומט. גענוג צו אַרבעטן. כאַפּט אָן ר׳ עליען פֿאַר אַ האַנט עפּעס אַ ניגונדל, ר׳ עליע. פון די, וואָס איר קענט. וואָס זאָגט איר, יידן?

ר׳ עליע

רייסט זיך אַרויס פון אים

אַי-אַי-אַי, וואָס איז מיט אייך, ר׳ מאיר? מען דאַרף אַרבעטן. וואָס שייך? — ניט רעכט אַזוי.

פ י ל   ש ט י מ ע ן

— אַ ניגונדל, ר׳ עליע, נו, נו, מיר וועלן אונטערהעלפֿן.
— אַן „ אתה־הראיתהלע ״.
— אַ „ ויתן־לך ״.
— ניין, ניין, אתה הראיתה, ר׳ עליע. נו, ר׳ עליע.

ר׳ ע ל י ע

אַי־אַי־אַי, אַ טומלעניש אויף אייך, טאַטעלעך מיינע.

א יי נ ע ר

פֿון רעדל

סוף־הזמן, ר׳ עליע. באַלד גיין הוליען אַ ביסל, פֿון חדר אַרויס.

ר׳ ע ל י ע

אַי־אַי־אַי, משטיינס געזאָגט, די שמאַטקעלעך וועלן נאָכגיין. די שמאַטקעלעך וועלן סיי זוי סיי...

א יי נ ע ר

פֿון רעדל

יידן בעטן, ר׳ עליע. אַזוי פֿיל יידן בעטן... נו, נו, הייבט אָן — אַז ניט וועל איך אָנהייבן פֿאַר אייך, און איר וועט אַרויסהעלפֿן —

ר׳ ז ל מ ן

קומט אַריין צוריק

קרח גייט.

אַלע יידן דערשראָקענע צעלויפֿן אויף זייערע ערטער, כאַפּן זיך יעדער צו זיין אַרבעט

פ אָ ר מ אַ ן

קומט אַריין

וואָס איז דאָס, האַ? — וואָס מיינט איר אייך? מיסטער ליוואַי וועט

איין אומזיסט צאָלן געלט? אַלע יידן נעמען אַרבעטן פּלייסיק — שווערע שטילקייט. — מען הערט דאָס שאַרכן פֿון די שטיקלעך סחורה. — איך וועל אַרונטערעכענען. ביי וועמען עס וועט פעלן וואָג וועל איך אַרונטערעכענען. ווער אַרבעט אויף די רויטער, ר׳ עליע? איר?

ר׳ עליע

אודאי, אודאי. אַט זענען זיי. וואָס דען?

פאָרמאַן

ווענדט זיך צו אַ פּאָר יידן

נעמט אַ טייל פֿון ר׳ עליעס רעגס. איך דאַרף די רויטע פריער

פֿון אַלע די פּאָר יידן נעמען פֿון ר׳ עליעס קופּע, טראָגן אַריבער צו זיך: —

געאַרבעט זאָל מיר זיין, איר הערט? גייט צום טיר, מיט ביטול

סטרייקער אין אַמעריקע.

אָפּ — אַלע אַרבעטן: — די שווערע שטילקייט פילט זיך נאָך שטאַרקער

אַייד

פֿון צווייטן עק טיש

אַזאַ קרח. איינגעזונקען זאָל ער ווערן.

קיינער ענטפערט ניט — שטיל —

ר׳ זלמן

ער איז אין כעס. ער ברענט. ער האָט וואָס צו ברענען. מאַליך גיט זיי דאָרט אַ גאָב.

שטימען

איר האָט געהערט?

ר׳ זלמן

אודאי האָב איך געהערט. קרח האַלט מיטן באַלעבאָס. וואָס דען? מיט אונז וועט ער האַלטן?

א י י ד

פון צווייטן עק טיש

אזא עוכר-ישראל. זיינע דאגות צו מישן זיך. ער וועט אויך צו לייגן דער באבעס ירושה.

ר׳ זלמן

מיט התפעלות

אבער גיט מאליץ א גאב. ער האט א צונג! אן אמתער דרשן, זאג איך אייך. ער קערט וועלטן.

ר׳ איצע

זעט, ווי ר׳ זלמן איז פארקאכט אזוי. א געוואלטיקע מעשה... שא, מיר׳ן הערן וואס ר׳ מרדכי זאגט.

מאזע

איך בעט אייך לאזט מיך צורו.

עטלעכע

מיט אמאל

וואס זענט איר אזוי אנגעקוואלן, ר׳ איצע? וואס איז מיט אייך די שמחה?

ר׳ איצע

וואס איז אזוינס? איך טאר שוין ניט פרעגן?... ווען ר׳מרדכי אבער מישט זיך אריין, וואלט צו דעם ניט געקומען. פארוואס זאל זיך טאקע ר׳ מרדכי ניט אריינמישן, הא? איך פרעג אייך?

מאזע

לאזט מיך צורו, איך בעט אייך, איך בעט אייך.

ר׳ איצע

וואס? ר, מרדכי וואלט געקענט א פולע פועלן — און ער וויל

גאָרניט אַפילו אַ וואָרט פאַרוואָרפן... אים אַרט שוין ניט — וואָס? ניש קשה, ער האָט געמעגט גיין פאַר אונז... אַז אים אַליין גייט עס שוין ניט אום לעבן — איז וואָס?

**ע ט ל ע כ ע ש ט י מ ע ן**

אודאי, אַז עס גייט ניט אום לעבן... אַז מען קריגט שוין אַ שטי־קעלע צד —

**ר׳ ע ל י ע**

מיט אַ פּישטשנדיקן קול, מיט כעס

וואָס איז דאָס פאַר אַ רייד. שטיל זאָל זיין — פע, שעמט זיך, יידן׳ ר׳ מרדכי איז עפּעס עלטער פון אייך? פאַרכאַפּט זיך צוריק, שטילער ענטפערט ניט, ענטפערט ניט, ר׳ מרדכי. נו שוין, זאָל זיין שלום... אַי־אַי־אַי, ווי פּאַסט עס פאַר יידן.

דער עולם הייבט ווידער אָן צו גרופּירן זיך אין רעדלעך, רעדן הויך, היצן זיך, מען הערט אָפּט מרדכיס נאָמען. דער טומל ווערט גרעסער און מען הערט שוין גאָרניט

**ר׳ ע ל י ע**

שטעלט זיך אויף און נעמט שרייען

וואָס האָט איר זיך אַלע צעטומלט, טאַטעלעך מיינע... ניט שיין, יידן, ניט שיין — דערווייל דאַרף מען אַרבעטן... גזלה, יידן. אמתע גזלה,

די יידן נעמען זיך פונאַנדערגיין צו זייערע פּלעצער

**א יי ב ע ר**

ר׳ עליע איז שוין דאָ מיט זיין מוסר.

**ר׳ ע ל י ע**

הא? וואָס? שייגעץ איינער. מוסר? — שוין עק וועלט, וואָס פּטור שוין פון אַלץ, הא?

ש ט י מ ע ן

פטור, ר׳ עליע, פטור.

ר׳ ע ל י ע

הא, וואָס? אַזױנע שײנע ײדן... ניט רעכט, ניט רעכט.

ר׳ ז ל מ ן

מיסטער ליוואַי דאגהט אױך אַזױ פּאַר אונז, ר׳ עליע? ניש קשה, ניש קשה, ער האָט גענוג.

ר׳ ע ל י ע

אַי-אַי-אַי, איר זאָלט דאָס אַזױ רעדן, ר׳ זלמן. ער האָט גענוג — מסתמא באַדאַרף ער האָבן — טאַטעלעך מײנע... מיסטער ליוואַי — וואָס איז די נפקה-מינה? מיסטער ליוואַי, צי ניט מיסטער ליוואַי... זאָל דאַכטן, ניטאָ אױף דער װעלט קײן מיסטער ליוואַי. וואָס איז די נפקה-מינה?

ר׳ ז ל מ ן

ס׳איז שוין גאָר אַ נפקה-מינה.

דער עולם לאַכט

ר׳ ע ל י ע

לאַכט, לאַכט... אַי, אַי, טאַטעלעך מײנע. ניט שײן, ניט שײן.

פ ו נ ם ע ו ל ם

לאָזט אָפּ אױף אַ װײלע די טאַטעלעך, ר׳ עליע... שוין געהערט, שוין געהערט.

עס קומען אַרײן אַ ב ר ה ם מ אַ ל י ץ און ד י ן. עס ווערט שטיל. אַלע קוקן מיט נײַגעריקײט

מ אַ ל י ץ

ײדן, אומזיסט אַלע רײד. אַרױסגעוואָרפן.

דין

האָט איר געהערט אַזוינס ? אַ האַלבן דאָלאַר אַ רייז גיט ער.

דער גאַנצער עולם

פופציק סענט ?

שטימען

ניט דערהאַרן וועט ער.

מאַליץ

און קיין שטונדן וויל ער אינגאַנצן ניט אַרונטערלאָזן.

אַלע שווייגן שטיל, צעטומלט.

ר׳ זלמן

פון דריי דאָלאַר קוים פופציק סענט. ס׳איז דאָך אַ נבלה, יידן. לאָמיר אים באַווייזן, אַז מיר קענען אויך עפּעס טון.

שטימען

— זאָל מען וואַרפן די אַרבעט.
— ניט באַדאַרפט גיין צו אים אינגאַנצן אויב אַזוי. אַזוי לאַנג בעטן זיך.

מאַליץ

אַז איר האָט דאָך אַלע געשריגן: עס פּאַסט ניט. עס פּאַסט ניט. אָט — האָט איר. איך האָב פון פריער געוווּסט. איך קען אים שוין גוט.

ר׳ זלמן

און וואָס זאָגט דער יינגער ליוואַי ?

מאַליץ

איך ווייס... אַ באָס איז אַ באָס. אַן אַלטער, צי אַ יינגער.

ר׳ איצע

און איך זאָג, אַז מען האָט מיטן אַלטן גאָרניט באַדאַרפט רעדן. ביים יינגן וואָלט מען געפּועלט.

שטימען

כאָטש נאָך אַ דאָלאַר.

מאַליץ

נו, אדרבא, ר׳ איצע זייט איר אַ בריה, גייט און רעדט.

ר׳ איצע

אַז איך וואָלט געגאַנגען, וואָלט אַנדערש געווען, מען דאַרף קענען רעדן.

ר׳ זלמן

אַחדות, יידן, אחדות.

אַ ייד

פון צווייטן עק טיש

אַז ער וואָלט געגאַנגען! — קוקט אים אָן דעם בריה! אַז ער וואָלט געגאַנגען. איך וויס... עס האָט מיר אַ פּנים פון חוזק די גאַנצע מעשה. לויפט צו צו ר׳ איצען קוקט אים אָן... טע, טע, טע. חוזק, וואָס חוזק? קרומט אים איבער איר זייט אַליין אַ חוזק, טפו.

ר׳ איצע

וואָס? שפּייען זיך? לאָזט מיך, יידן, צו אים.

טומל — געשרייען

ר׳ עליע

לאָזט זיך מיט צעשפּרייטע הענט, שלעפּט אַוועק דעם יידן צו־ריק צום צווייטן טיש

יידן, יידן, טאַטעלעך מיינע. גאָר שלאָגן זיך? מיאוס, פע, פע,

צו ר׳ איצען מיט די הענט גאָר? *טופּעט מיט די פיס* שטיל זאָל מיר זיין! הפקר א וועלט — האַ? *צום ייד פון צווייטן עק טיש* וואָס פאַר אַ שפּייען זיך, האַ? אויף יידן מעג מען שפּייען? אַז סטרייקן — פאַרלירט מען שוין דעם פּרצוף־אלקים, האַ? נאָך איידער וואָס, ווען — שוין עק וועלט?

ר׳ איצע

ר׳ מרדכי וואָלט געקענט מערער פועלן. פאַרוואָס האָט ער ניט געוואָלט גיין?

פּילשטימען

טאַקע, טאַקע, אַן עולה. ר׳ איצע איז גערעכט. ר׳ מרדכי האָט באַדאַרפט גיין זיך משתדל זיין. אַ גרויסע עולה. אַ גרויסע עולה.

*טומל*

מאַליק

יידן, אָן טומל. זאָל מען זיין שטיל. וואָס איז דאָ צו האָבן טענות. ר׳ מרדכי האָט ניט געוואָלט, וואָס קען מען טון? לאָמיר נעמען און אַרונטערגיין. אַלע.

ר׳ זלמן

ר׳ אברהם איז גערעכט. מיסטער ליוואַי וועט זען, אַז מען גייט אַרונטער, וועט ער בעסער ווערן.

שטימען

לאָמיר פּרווון. כאָטש נאָך איין דאָלאַר.

מאַזע

*הייבט זיך אויף פון זיין בענקעלע, אויף וועלכן ער איז די גאַנצע צייט געזעסן און געאַרבעט. דערשראָקן אָבער פעסט*

מ׳וועט ניט אַרונטערגיין, זאָג איך. מען וועט דאָ בלייבן. מען וועט ניט גיין, זאָג איך. קיינער ניט.

### שטימען

וואָס מיינט דאָס? וואָס הייסט?

### ר' עליע

מיט גוטן, ר' מרדכי, מיט גוטן.

### מאַזע

דאָ וועלן מיר בלייבן. וווהין וועלן מיר גיין? וווהין? — איך פרעג אייך. מיר האָבן ניט וווהין צו גיין. א האַלבן דאָלאַר גיט ער אייך — גיט עס אים אָפּ צוריק... אַז איר וועט זיך איינ־שפּאַרן שטאַרק — וועט ער אייך געבן נאָך א דאָלאַר — גיט אים אָפּ דעם דאָלאַר אויך.

טומל און געשרייען

### טאַליק

שרייט איבער אַלעמען

הדן, שטיל זאָל זיין. ר' מרדכי איז טאַקע א ייד וואָס מיר ייאָבן אָפּשיי פאַר אים. אָבער ער איז ניט גערעכט. מיר וועלן ניט בלייבן דאָ. מיר וועלן אַרונטערגיין. מיר זענען טאַקע אַלטע יידן, אָבער נישקשה, אַז מיר וועלן זיך האַלטן צוזאַמען, וועלן מיר אויספירן. און דאָ איז ניט קיין אָרט פאַר צולהכעיסן, ר' מרדכי. איך זאָג אייך אָפּן.

### ר' עליע

יידן. אָן רוגזה. מיט גוטן, מיט גוטן. אי־אי־אי, אַ לעבן אויף אייך.

### מאַזע

צו להכעיסן? קלאַפּט זיך אין האַרצן אָט דאָ ליגט עס ביי מיר. שוין טעג נאָכאַנאַנד, אַז איך זיץ און הער, און די גאַל פּלאַצט אין מיר פאַר חרפּה.

### מאליץ

ס'איז ניט קיין חרפה.

### מאזע

פאר וועמען — א כבוד אפילו, פאר אונז — א חרפה. שוין אכט יאר, ברוך־השם, אז איך זיץ אט אזוי אויפן טאבורעטקע און קלייב אט די שמאטעס. אכט יאר — נו, ווי אזוי זאל איך עס זאגן.. פאר אייך מעג איך דאך זאגן: אכט יאר ירידה... אכט קיילעכדיקע יאר... נאר איך אליין דען, וואס?... מיר אלע... איז וואס מיטאמאל אזא געשריי פון אייך? וואס עפעס מיטאמאל פרעג איך?... און צו וועמען דער געשריי?... צו וועמען?... רעגס — אט וואס מיר זענען געווארן אלע... און רעגס ציט צו רעגס... אפגעשניטן — ארייגעווארפן אהער... יא, רעגס זענען אמאל געווען גרויסע שטיקער זייד, געלעגן אויף א פיינעם פלאץ, הײנט — זעט איר דאך אליין, וואס פון די גרויסע שטיקער זייד איז געווארן? ברעקלעך. גארניט... איז וואס טוען רעגס? איר זעט ניט וואס זיי טוען? *טײַמלט מיט די פינגער אויף די קופּעס* זיי ליגן... אט דא ווו מען באדארף, ליגן זיי... אין קופּע ליגן זיי... אין זעק...

### שטימען

וואס פארא יחוס מיטאמאל. ניטא קיין יחוס אין אמעריקע. ניטא.

### מאזע

זאג איך אייך נאכאמאל, אז איך וועל ניט מסכים זיין. אט דא האט מען אנגעגרייט א פלאץ פאר אונז... אלע האבן מיר גע־טראפן דעם וועג אהער... ארונטער פון דער געדולד — איז אהערצוצו... איז שטיל זאל זיין. קיין פּיפּס ניט... *טומל.* — מאזע מיט געבעטן יידן, איך בעט אייך. איר ווייסט דאך גאנץ גוט, אז איך בין, חלילה, ניט קעגן אייך. איך בין דאך מיט אייך — אבער צי דען דארפן מיר א רייז, אדער ווייניקער שטונדן?

מיר דאַרפן דאָך עפּעס אַנדערש — מיר דאַרפן, מיר דאַרפן — ווי זאָל איך אייך זאָגן — עמעצער זאָל קומען און אונז אינגאַנצן אַרויספירן פון דאַנען — אינגאַנצן — קומט ער דאָך אָבער נאָך ניט — ער קומט ניט — טאָ זאָל זיין כאָטש שטיל — אַפילו פינף דאָלאַר אַ רייז — איז וואָס וועט זיין? ניטאָ קיין שלום מיט שמאַטעס! — ניטאָ קיין שלום. זעצט זיך צו דער אַרבעט און שטיל זאָל זיין —

מ אַ ל י ק

אפשר בעטן מיסטער ליוואַי ער זאָל אונז נאָך אַרונטערנעמען פון אונזער שכירות? אפשר זאָלן מיר אים נאָך צוצאָלן פאַרן גרויסן חסד וואָס ער טוט אונז?

מ אַ ז ע

מיט ווייטאָק

אי, אי, אי:

ר׳ א י צ ע

אַזוי קומט טאַקע אויס. מאַליק איז גערעכט. ר׳ מרדכי דאַרף אונז ניט זאָגן אַזוינע ווערטער. מיר ווייסן אַליין —

מ א ל י ק

ר׳ מרדכי וויל אונז ווי טון. פאַרוואָס קומט עס אונז? אודאי דאַרף ער ניט רעדן אַזוינע ווערטער. כל־זמן מען לעבט דאַרף מען לעבן —

ר׳ א י צ ע

ר׳ מרדכין איז לייכט צו זאָגן, מען דאַרף ניט פאָדערן — מיר ווייסן, מיר ווייסן.

מאזע

אויפגעקאָכט

וואָס ווייסט איר? זאָגט! וואָס ווייסט איר?

ר׳ עליע

ר׳ מרדכי, אַ לעבן אויף אייך —

מאַזע

איך האָב שוין דאָס געהערט עטלעכע מאָל, און איך וויל אַזוינס ניט הערן מער. רוצחים! קלאַפּט זיך אין האַרצן ווער האָט די העזה צו זאָגן, אַז איך בין עפּעס אויסן. לאָזט זיך אַרונטער אויף דער טאַפּוּרעטקע, מיט פאַרצווייפלונג מען איז מיך גאָר חושד...

בלייבט זיצן אַ פאַרלוירענער

ר׳ עליע

ר׳ מרדכי נעמט אייך ניט צום האַרצן. צום עולם וועמעס חוצפה איז דאָס געווען חושד צו זיין ר׳ מרדכין? ווער איז דאָס דער שגץ, האַ?

מאַליך

חס-וחלילה. קיינער איז ניט חושד. קיינער ניט.

שטימען

אודאי ניט אודאי ניט. חלילה, חלילה.

עס קומט אַריין דער אַלטער ליוואי. זעט, אַז די יידן שטייען ניט ביי זייערע ערטער, מאַכט זיך ניט וויסנדיק דערפון. דער עולם לויפט צו שנעל צו דער אַרבעט, אַזוי ווי נאָך ניט געווען

אַלטער-ליוואי

זוכט מיט די אויגן איבער די קעפּעס

די רויטע רעגס, האַ? איך דאַרף האָבן די רויטע רעגס... ווער אַר-

בעט אויף די רויטע?

ר׳ עליע

וואָס הייסט? נאָך וואָס זוכן? אָט ליגן זיי, שוין אָפּגעקליבענע.

נאָך אַ׳פּאָר יידן

דאָ אויך, מיסטער ליוואַי. פּאַרטיק שוין, אַלע אָפּגעקליבענע׳

ליוואי

אַזוי, אַזוי, פיין. וויפיל באָנדלעך — פינף? נאָך צוויי דאַרף איך. נאָך צוויי באָנדלעך וועגדט זיך צו נאָך אַ פּאָר יידן ווער וועט חעלפן ר׳ עליען נאָך אַ פּאָר באָנדלעך אָפּקלייבן?

אַ פּאָר יידן נעמען גיין צו ר׳ עליעס קופּע

מאַליק

מען זעט, אַז ער וואַגט ניט, דאָך נעמט ער זיך אָן מוט

מיסטער ליוואַי, איר מאַכט זיך כלא־ידע... מיר האָבן אָפּגעמאַכט ביי זיך, אויב איר גיט אונז ניט —

ליוואי

לאָזט אים ניט ענדיקן

האָסטו געהערט אַזוינס? איך רעד — צו ר׳ עליען, כאַפּט ער זיך גאָר אַרויס... דערוואַקסענע יידן, ברוך־השם, ניט קיין יינגלעך.

מאַליק

מיר ווע‌לן ניט אַרבעטן מער. אויב איר וועט אונז ניט געבן וואָס מיר פאַרלאַנגען...

אַלע יידן שווייגן. מאַליק קוקט אויף אַלעמען מיט די אויגן, בעט מען זאָל אים אונטערשטיצן

ר׳ זלמן

מיר פארלאנגען דאך ניט פיל.

נאָך שטימען

אודאי, ווער פארלאנגט עס א פולע... מ׳סטער ליוואי פארשטייט דאך אליין...

ליוואי

נו, נו, זייט ניט אזוי אויפגערעגט, יידן. כאפט נאר ניט. וואָס איז דאָ צו איילן זיך. מיר זענען א דאנק גאָט אלע יידן — מען וועט דורכקומען —

מאליץ

מיר ווילן וויסן שוין. איר פירט אונז שוין צוויי הדשים —

ליוואי

איך זאָג דאָך אייך: מען וועט דורכקומען -- איך האָב זיך אביסעלע געהיצט פריער — אָן סכנה. איר קענט דאָך מיך. איך בין, א דאנק גאָט, ניט קיין גזלן. נאָך קיינעם ניט דערהרגעט. אדרבה. שוין וויפיל יאָר, אז איר שטייט אין מיין שאפ — האָב איך ווען געקריוודעט? אדרבא, זאָגט. איר ווילט ניט ארבעטן שבת? -- האָב איך דען ניט מסכים געווען? אפילו קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אדרבה זאָל איך עס פארדינגען אין דער מינוט וויפיל מיך קאָסט דאָס האלטן צוגעמאכט דעם פלאץ שבת און ניט זונטאָג. אָבער, אז איר ווילט ניט, אדרבא.

שטימען

וואָס אמת איז אמת.

ליוואי

אָט זעט איר. אי וואָס איך האָב זיך געקאָכט אביסל — איר

האָט וואָס פאַראיבל צו האָבן, וואָס איז צו רעדן; אַז אסור, איב מען וועט דורכקומען.

ש ט י מ ע ן

מיר ווילן וויסן.

ל י וו אַ י

נו וואָס שייך? שטעלט זיך אַרבעטן. דערווײַלע שטעלט זיך אַרבעטן.

מ אַ ל י ך

מיר ווילן וויסן שוין.

ל י וו אַ י

אים האָט איר ניט וואָס צו הערן. איר האָט, אַ דאַנק גאָט, אַליין אויך שכל. פאַראַן דאָ קלוגערע יידן פון אייך, און עלטערע אויך אַביסל... ר' עליע איז, דאַכט זיך מיר, אַביסל עלטער פון אייך און אַביסל מער למדן אויך, האָסטו געהערט אַזוינס. — —

ר' ע ל י ע

וואָס שייך?

ל י וו א י

וואָס ר' עליע? איר אויך?

ר' ע ל י ע

וואָס שייך? אחרי רבים להטות, אַ לעבן אויף אייך.

מ אַ ל י ך

אויב איר גיט אונז ניט וואָס טיר פאַרלאַנגען, גייען מיר גלייך אַרונטער פון דער אַרבעט.

ל י וו אַ י

וואָס אַ סטרייק? צעלאַכט זיך אוי, יידן וואָס איר זייט. שטעלט זיך אַרבעטן און מאַכט זיך ניט נאַריש — איר וועט דאָך מאָרגן קומען בעטן זיך צוריק — נו, נו, מען וועט דורכקומען גייט צו צו מאַזען נו, און איר ר׳ מרדכי, וואָס זאָגט איר? מאַזע ענטפערט אים ניט איר אויך?

מ אַ ז ע

אַן אָנגעצונדענער

וואָס עפּעס — אויך.

שאָקלט אים אָפּ פון זיך מיטן האַנט מיט פאַראַכטונג. ל י ו ו אַ י אַ צעטומלטער טרעט אָפּ אויף צוריק

ל י וו אַ י

נו, נו.

אָפּ אין אָפּיס. — — דער עולם איז צעטומלט. — מ אַ ל י ץ מוט אָן דער ערשטער אויף זיך זיין קאַפּאָטע גרייט אַרויסצוגיין, נאָך אַ פּ אָ ר י י ד ן נעמען זיך אָנטון, גייען צום טיר, קוקן מיט שאַרפע בליקן אויף די איבעריקע. ביסלעכווייז נעמען אַלע, גייען שטיל, ניט אַנטשלאָסענערהייט, קוקן מיט בלאָנדזשנדיקע אויגן איינע אויף די אַנדערע. די לעצטע בלייבן איבער ר׳ ע ל י ע און מ אַ ז ע

ר׳ ע ל י ע

האַלט אין אָנטון זיין קאַפּאָטע, איין אַרבל העגנט נאָך אַרונ-טער

ר׳ מרדכי, אַ לעבן אויף אייך, וואָס זיצט איר, קומט, זיי זענען דאָך שוין אַלע אַרונטער. געפינט מאַזעס ראָק און טראָגט אים אַרונטער טוט זיך אָן ר׳ מרדכי. אַז אַלע יידן גייען דאַרף מען מיטגיין. אַז אַלע יידן — —

**מאַזע**

**וווּהין ווע̇ל איך גיין, ר׳ עליע? ניטאָ וווּהין צו גיין. ניטאָ וווּ-הין צו גיין.**

**ר׳ עליע**

שלעפּט אים פאַראַ האַנט, שטעלט אים אויף

**קומט, קומט, ר׳ מרדכי, אחרי רבים להטות — מען טאָר ניט בלייבן — אַ גרויסע עבֿרה — אַז אַלע יידן גייען, — מסתּמא דאַרף מען — קומט, קומט, אַ לעבן אויף אייך.**

שלעפּט אים פאַרן האַנט. ר׳ מרדכי גייט אים נאָך ביזן טיר בלייבט ווידער שטיין

**מאַזע**

צושפּאַרנדיק זיך צום טיר

**וווּהין ווע̇ל איך גיין? — צוואָס? פאַר וועמען? ניטאָ וווּהין צו גיין.**

**ר׳ עליע**

**ווי וועט איר דאָ איבערבלייבן, טאַטעלעך מיינע? איינינקער אַליין צווישן די שמאַטעס — מען טאָר ניט, מען טאָר ניט.**

שלעפּט אים

**מאַזע**

**ביין, ביין, ביין...**

ר׳ עליע קוקט, קוקט, שאָקלט מיטן קאָפּ. גייט אַרויס אַליין שלעפּנדיק נאָך זיך דעם ניט אָנגעטועניעם אָרבל. — מאַזע שטייט אַביסל צייט נעבן דער טיר, שאַרט זיך צו צו אַ ווינקל און שטייט מיטן פּנים באַהאַלטן צום וואַנט: שטיל. ער גיט מיט-אַמאָל אַ ציטער מיטן גאַנצן קערפּער. טוט אַ כאַפּ אויף זיך דעם ראָק און נעמט האַסטיק אַרויסלויפן. ער איז נאָך ניט אַריבער די

שוועל, ערשט די יידן הויבן אָן קומען צוריק. דער ערשטער קומט אַריין ר' איצע, שטויסט זיך אָן מיט מאָזען פּנים אל פּנים. —

מאָזע

מיט שרעק

וואָס איז ר' איצע?

ר' איצע

שלעכט, שלעכט, ר' מרדכי. שלעכט מיט אונז — זיי גייען צו־ ריק.

אַ פּאָר יידן הייבן אָן אַרויפצוקומען

מאָזע

אַן אויפגערעגטער

קיינער זאָל ניט אַרויפקומען. געװאַלד הרפּות, געװאַלד... אַרונטער־ געגאַנגען איז אַרונטערגעגאַנגען. צוריק.יין!

לויפט אַרונטער די טרעפּ און שלעפּט אַלע יידן מיט זיך פון שאַפּ אַרויס

פאָרהאַנג

# פערטער אַקט

אין מאָועס שטוב. זונטאָג פאַר האַלבן טאָג. ר ח ל - ל א ה, סיי •
ד י טרינקען טיי

ס יי ד י

ביסטו כאָטש צופרידן, מאַמע ?

ר ח ל - ל א ה

הלוואי וואָלט דער טאַטע געווען אַזוי צופרידן.

ס יי ד י

וואָס זאָגט ער

ר ח ל - ל א ה

דאָס איז דאָך די צרה, וואָס ער זאָגט גאָרניט. גייט אַרום אַ גאַנצן טאָג און שווייגט.

ס יי ד י

אָבער פאָרט —

ר ח ל - ל א ה

אַז מען קען ביי אים קיין טאָלק ניט דערגיין. וויפיל איך שטיי ניט צו צו אים: מרדכי, וויפיל איז דער שיעור צו בלאָזן זיך ? די וואַנט ענטפערט — אַזוי ענטפערט ער.

ס ײ ד י

אַ מאָדנער ייִד. אַז ער האָט געאַרבעט איז געווען שלעכט, אַז מען האָט אים אַרויסגענומען פון שאַפּ — איז ווידער שלעכט. כ׳לעבן, איך פאַרשטיי ניט.

ר ח ל - ל א ה

אָט ווי דו זעסט, פאַלט עס אַלץ אויף מיין קאָפּ. איך דאַרף עס אַלץ אויסשטיין. בלאָזט זיך — פרעג וואָס, פרעג ווען. ווילסט נאָך אַ גלאָז, טאָכטער?

ס ײ ד י

ניין, מאַמע, אַ דאַנק. צו הייס צו טרינקען.

ר ח ל - ל א ה

אַז ווי קען מען עס זיין ניט צופרידן? אַ קלייניקייט — אויפהערן אַלע פרימאָרגן זיך צו איילן אין שאַפּ אַריין. און נאָך פאַר זיין עלטער. ער פלעגט דאָך אויפשטיין פינף אַ זייגער פאַרטאָג. גיין פריער אין שול אָפּדאַווענען. הייַנט קען ער שלאָפן שפּעטער — מיינסטו, שלאָפט ער?

ס ײ ד י

שוין צוגעוווינט אַזוי.

ר ח ל - ל א ה

אַז די נאַכט שלאָפט ער דאָך אויך ניט. איך וועל דיר זאָגן דעם אמת — איך האָב מורא פאַר אים. זינט ער האָט אויפגעהערט צו גיין אין שאַפּ, מאַכט ער ניט צו מיט קיין אויג אַ גאַנצע נאַכט. וואַרפט זיך אויף אַלע זייטן, רעדט עפּעס צו זיך אַליין, אַז אַ מורא באַפאַלט מיך.

ס ײ ד י

אַ כשר פילט ער ניט גוט?

ר ח ל - ל א ה

הלואי אויף ווייטער. ניין, ס׳איז עפּעס אַנדערש. און וואָס? אַזוי פיל יאָרן געוואַרט אויף דעם. די קינדער וועלן אים אַרויסנעמען פון שאַפּ. ער האָט טאַקע ניט גערעדט וועגן דעם קיינמאָל, אָבער ער האָט דאָך געהאַפט, איך ווייס — נו, אַ דאַנק דעם וואָס לעבט אייביק, דערלעבט. פּטור געוואָרן. איך האָב געמיינט: ער וועט האָבן די גאַנצע טעג פּאָר זיך — וועט קענען אַריינקוקן אין אַ ספר, אַריינגיין צו דעם, צו יענעם. דו ווייסט דאָך, דער טאַטע האָט ליב געהאַט אַריינצוגיין צו מענטשן. ערשט — ערגער נאָך.

ס יי ד י

וואָס-זשע טוט ער גאַנצע טעג?

ר ח ל - ל א ה

אָט ווי דו זעסט. דרייט זיך אַרום ווי אַ שאָטן. בייז, אויפגערעגט, עסט ניט, נעמט ניט קיין ספר אין האַנט. עפּעס איז מיט דעם מענטשן ניט גלאַט, זע איך. און אַז איך הייב אָן ווייגען, — נו, זאָג אַליין, ווי קען איך אויסהאַלטן, אַז דאָס האַרץ וויינט אין מיר, — האָט ער נאָר איין ווערטל: וואָס וויינסטו, יידענע — ניטאָ וואָס צו וויינען.

ס יי ד י

עס וועט מסתמא איבערגיין, מאַמע. דו דאַרפסט אים דאָך שוין קענען.

ר ח ל - ל א ה

אַז אַ מענטש זאָל אייביק זיין אין רוגזה, אייביק עסן זיך אַליין — האָט זיך אָפּגעריסן פון אַלעמען, פון לאַנדסלייט, פון באַקאַנטע, נאָר מיט זיך און מיט זיך. ער רעדט דאָך אפילו מיט מיר אויך קיין וואָרט ניט אויס — לעצטנס האָט ער אויסגעפונען עפּעס איינעם אַ ר׳ עליען, זיצט ער דאָרט אָפּ גאַנצע טעג.

סיידי

ווער איז דער ר׳ עליע?

רחל-לאה

אַ ייד פון שאָפּ. מיט אים צוזאַמען געאַרבעט. איז ער עפּעס ניט געזונט געוואָרן... נעכטן אויך אַ גאַנצן שבתדיקן טאָג אָפּגעזעסן ביי אים. קוים אַרייַנגעפאַלן אין שטוב צו הבדלה.

סיידי

וואָס איז ער זייער קראַנק דער ר׳ עליע?

רחל-לאה

איך קען דען וויסן, מיינסטו? דער ייד איז שוין אַ זקן.

פּויזע

סיידי

ער וויס דאָך, דער טאַטע, אַז עני גיט צו שטייער, יאָ?

רחל-לאה

אודאי ווייסט ער. איך וועל דען באַהאַלטן פון אים? — איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, מאָריס איז אַ גאַנץ ווילער ייִנגערמאַן. פאַר ענין — אין פייער און אין וואַסער. ער לאָזט זי ניט אָפּ אויף קיין מינוט. און אַז זי האָט אים געזאָגט וועגן צו שטייער געבן, איז אדרבא, קיין שלעכט וואָרט ניט אַרויסגערעדט.

סיידי

אָבער מיט די יידן האָבן זיי ניט גוט געהאַנדלט, מאַמע: און עני איז אויך שולדיק.

רחל-לאה

וואָס איז זי שולדיק?

ס ײ ד י

זי באַרימט זיך נאָך. איך האָב אַליין געהערט.

ר ח ל - ל א ה

אָ, דו װעסט הערן װאָס ענע פּלאַפּלט. פרעג זי בחרם. אַז מאָריס האָט זיך גאָרניט געמישט. דער אַלטער אַליין —

ס ײ ד י

פלומרשט ניט געמישט זיך.

ר ח ל - ל א ה

אַזױ װי זײ האָבן אינגאַנצן באַדאַרפט זיך אָנהײבן. זײ האָבן דאָך געװוּסט, אַז מיטן אַלטן װעלן זײ גאָרניט מאַכן. און אינאמתן — זײ זענען דאָך גלײך אױף מאָרגן צוריק געקומען אַרבעטן. אַלע ביז אײנעם. נאָר מיאוס געמאַכט זיך.

ס ײ ד י

אָבער דעם טאַטן קרענקט עס. איך בין זיכער.

ר ח ל - ל א ה

אָבער װאָס קען דער טאַטע טון? ס׳איז ניט זײן זאַך צו מישן זיך. ס׳איז דאָך ביזנעס.

ס ײ ד י

װוּ איז דער טאַטע הײנט?

ר ח ל - ל א ה

מסתמא בײ ר׳ עליען.

ס ײ ד י

און װוּ איז הערי? זינט ער איז געקומען פון קאָונטי, האָב איך אים אינגאַנצן אײנמאָל געזען.

ר ח ל - ל א ה

ער זעט אויס פיין, האַ? און ס'איז גאָר אַן אַנדער העריגעוואָרן איך זאָג דיר: וואַרפט זיך ניט אַזוי, שליידערט זיך ניט — גאָר אַן אַנדער קינד געוואָרן. איך וווּנדער זיך אַליין.

ס יי ד י

טאַקע? איך בין זייער צופרידן.

ר ח ל - ל א ה

און ער חלשט דאָך זיך איבערצוּבעטן מיטן טאַטן.

ס יי ד י

דאָס איז פיין.

ר ח ל - ל א ה

דו מיינסט טאַקע, אַז ער איז אַזאַ שלעכט קינד?

ס יי ד י

איך מיין גאָרניט. און דער טאַטע רעדט טאַקע גאָרניט מיט אים?

ר ח ל - ל א ה

קיין וואָרט ניט די גאַנצע צייט.

אַ קלונג. ר ח ל - ל א ה גייט עפענען און קומט אַריין מיט ע נ י ן

ע נ י

סיידי איז אויך דאָ? העלאָ, סיידי.

ס יי ד י

העלאָ. וואָס מאַכסטו?

ע נ י

פּיין. דער טאַטע איז ניטאָ?

ר ח ל - ל א ה

װעט מסתּמא באַלד קומען. װאָס מאַכט מאָריס?

ע נ י

פּיין. און װוּ איז הערי? איך האָב אים שוין ניט געזען איך װײס אַליין ניט װיפיל. פאַרװאָס קומט ער ניט אַרויף צו מיר װען?

ר ח ל - ל א ה

קענסט ניט הערין? װען האָט ער צייט? איצט איז אַ סדרה באָל, גאַנצע טעג שפּילט מען אין באָל.

ע נ י

אי דו סיידי, פאַרװאָס זעט מען דיך ניט די גאַנצע צייט?

ס י י ד י

קאַלט

אַז מען װיל — קומט מען און מען זעט.

ע נ י

דו ביסט, דאַכט זיך, אָנגעבלאָזן, סיידי.

ס י י ד י

אויף װעמען האָב איך זיך צו בלאָזן?

ר ח ל - ל א ה

זיץ ענ י, װעסט אפשר טרינקען טיי?

ע נ י

אַ דאַנק, מאַמע. איך דאַרף באַלד אַהיים גיין. מאָריס קומט הײַנט

פרי. זעצט זיך מיר פאָרן היינט אויס מיט דער מאַשין. ווילסט אפשר מיטפאָרן, סיידי ?

ס יי ד י

ניין, אַ דאַנק.

ע נ י

ווילסט ניט, וועל איך זיך ביי דיר ניט בעטן.

ס יי ד י

איך פאַרלאַנג ניט מען זאָל זיך בעטן ביי מיר.

ר ח ל - ל א ה

וואָס קריגט איר זיך ?

ס יי ד י

איך קריג זיך ניט. איך זאָג, אַז מען איז רייך — מעג אויך אָני-שטיין אַרויפצוקומען צו אַ שוועסטער אין הויז.

ע נ י

ווער זאָגט אַז ניט ?

ס יי ד י

און אַז מען קען, חלילה, ניט גיין מיט די פיס, מען איז זייער איידל געוואַקסן, האָט מען דאָך אַ מאַשין —

ע נ י

אַלעמען שטעכט אין די אויגן מיין מאַשין.

ר ח ל - ל א ה

קינדער, וואָס איז מיט אייך ?

ע נ י

זי איז אין כעס — וואָס ביסטו אין כעס?... שוין ניט דאָס ערשטע מאָל. דאָס געפעלט איר ניט מיין הויז, דאָס געפעלט איר ניט אונזער שאַפּ —

ס יי ד י

ייער שיין באַגייט איר זיך מיט אייערע לייט —

ע נ י

אַ גאַנצע צדיקת.

ר ח ל - ל א ה

וואָס האָט איר זיך גענומען קריגן מיט אַמאָל?

ע נ י

אַלעמען איז גרויס אין די אויגן. און וואָס געפעלט דיר ניט אַזוי אין אונזער שאַפּ? דיין בענין גייט דאָך אויס דאָס חיות צו עפענען זיך אַ שאַפּ. — זי רעדט נאָך.

ס יי ד י

מיין בעני וואָלט אַנדערש געהאַנדלט מיט אַרבעטער.

ע נ י

אַנדערש? מיר ווייסן. אַ גאַנצע חכמה. אַלץ וואָלט מען געוואָלט זען אויף יענעם. אַלץ וואָס ביי יענעם איז גרויס אין די אויגן.

ס יי ד י

ווער עס פאַרגינט דיר ניט —

ע נ י

פאַרגינסט מיר? יאָ?

ס י י ד י

מיטן גאַנצן האַרצן.

ע נ י

אַ דאַנק.

עס קומט אַריין ה ע ר י

ר ח ל - ל א ה

אָט איז דאָך הערי.

ה ע ר י

העלאָו.

ע נ י

דאַרפֿן האָב איך געדאַרפֿט מיט דיר ניט רעדן אינגאַנצן, נאָר גאָר ניט.

ה ע ר י

ביזט טאַקע בייז אויף מיר אויף אַן אמת?

ע נ י

ניטאָ אויף וועמען בייז צו זיין.

ה ע ר י

איך האָב דאָך דיר געשיקט אַ טעלעגראַם צו דער פּאַרטי — וואָס ווילסטו נאָך?

ע נ י

אַ שיינעם דאַנק דיר.

ה ע ר י

וואָס הערט זיך בײ דיר, סײדי?

ס ײ ד י

קען נײעס ניטאָ. מיר זענען נאָך ניט רײך געוואָרן.

ה ע ר י

נאָך לאַנג צו דינער, מאַ? איך וויל גײן שפּילן באָל.

ר ח ל = ל א ה

און ווו ביסטו ביז אַהער געווען?

ה ע ר י

איך האָב נאָך ניט געשפּילט הײנט. ווו זענען מײנע קלײדער?

ר ח ל = ל א ה

אַזוי ווי אַ ווינט איז ער. ביסט אַרײנגעקומען — זיץ אַ מינוט

ה ע ר י

זעצט זיך

און אַז איך וועל שוין זיצן אַביסל, וועט וואָס זײן? אָט זיץ איך.

ר ח ל - ל א ה

זיץ, זיץ.

ס ײ ד י

הײבט זיך אויף

איך וועל שוין גײן, מאַמע.

רחל־לאה

וואָס איז דאָס איילעניש אויף אייך? זיץ נאָך אַ ביסל. באַלד וועט דער טאַטע טסתּמא אַריינקומען.

סיידי

איך דאַרף שוין גיין.

ענֵי

אומאַנטשלאָסן

גו, מאַמע, דו האָסט שוין אויסגערעכנט וויפיל דו דאַרפסט — אויף דער וואָך, מיין איך...

רחל־לאה

וואָס שייך אויסגערעכנט?

ענֵי

אַז איך ווייס דאָך ניט — וויפיל קומט אויס — אַזוי וועל איך וויסן — אַלע זונטאָג דאַרף איך ברענגען — זונטאָג איז דער בעסטער טאָג. ניט אַזוי? וואָס זאָגסטו, סיידי.

סיידי

וואָס האָב איך צו זאָגן?

ענֵי

אָבער איך מעג דאָך וויסן — צי ניין?

הערי

שפּרינגט אויף

מאַ, איך ברענג דיר פון היינט אָן מיין גאַנצע פּעי. הערסטו? נעם ניט קיין געלט ביי קיינעם.

ענֵי

קוק אים נאָר אָן דעם נייעם ספּאָרט.

הערי

מער ספּאָרט פון דיר, פאַרשטייסט?

רחל-לאה

מאַך זיך ניט נאַריש, הערי. האָב זיך געזונטערהייט דיין געלט.

סיידי

גוד באַי, גריס דעם טאַטן, מאַמע.

רחל-לאה

גיי געזונט, טאָכטער. סיידי אָפּ — רחל-לאה צו הערין וואָס שפּרינגסטו אַרויס, ווען מען בעט דיך ניט?

עני שטייט אַ פאַרשעמטע, ווייס ניט וואָס צו טון

הערי

וווּ זענען מיינע באָל-קליידער?

אָפּ אין האָל, און פון דאָרט אין טעלעפאָנעם ארום ארויס אין גאַס

רחל-לאה

וואָס שטייסטו אַזוי, טאָכטער?

עני

מילא, הערי — אויף אים איז ניטאָ וואָס פאַראיבל צו האָבן. אָבער זי — וואָס האָב איך איר שלעכטס געטון?

רחל-לאה

נו, אַ דאגה האָסטו.

עני

קיינער פאַרגינט מיר ניט.

רחל־לאה

ווער פאַרגינט דיר ניט, נאַר, וואָס רעדסטו?

עני

וואָס האָב איך אַזוינס געזאָגט? איז ניט בעסער צו וויסן וויפיל איך דאַרף געבן יעדע וואָך אויף מיין חלק? נעמט אַרויס אַ צוואָנציק דאָלאַר־ביל. צען דאָלאַר וועט זיין גענוג, וואָס זאָגסטו, מאַמע?

רחל־לאה

איך קען דען אויסרעכענען, נאַרעלע? וועט מסתמא גענוג זיין. סיידי אַ ביסל... סיידי קען דאָך ניט קיין פולע געבן... ווייסט דאָך. גאָט זאָל איך העלפן, קינדער.

עני

האָסט טשיינדזש פון צוואָנציק דאָלאַר, מאַ?

רחל־לאה

צעטומלט

אָט וועל איך אַ קוק טון.

עני

ווייסט וואָס, מאַ. נעם דיר די גאַנצע צוואָנציק, וועט זיין אויף צוויי וואָכן. יאָ, מאַ?

רחל־לאה

אַז דו ווילסט — —

עני

מיר איז אַלץ איינס. לייגט דאָס געלט אויפן טיש און איצט וועל איך שוין גיין. גייסט אפשר אויך אַ ביסל אַרויס אין גאַס?

### ר ח ל - ל א ה

איך קען ניט, טאָכטער. דער דינער קאָכט זיך. און וואָס איילסטו
אַזוי?

### ע נ י

איך זאָג דאָך דיר, מאָריס קומט פרי אַ היים, היינט. גוד באַי, מאַ
קום אַרויף צו מיר ווען.

### ר ח ל - ל א ה

גיי געזונט, טאָכטער.

### ע נ י

גריס דעם טאַטן.

אָפּ

*ר ח ל - ל א ה זיצט, שיער וואָס זי הייבט ניט אָן צו וויינען; דאָס געלט ליגט אויפן טיש, עס דערהערן זיך מאַזעס טריט ווי ער קומט אָן. ר ח ל - ל א ה טוט אַ כאַפּ דאָס געלט פון טיש, באַהאַלט אויף גיך, שטעלט זיך אויף און ווישט די אויגן מען זאָל ניט דערקענען אַז זי איז וויינענדיק. — מ אַ ז ע קומט אַריין אָנגעטאָן אין שבתדיקע קליידער. זיין פּנים איז נאָכמער שווייגנדיק און פאַרשלאָסן ווי אַלעמאָל: לאָזט זיך אַראָפּ אויף אַ שטול ביים טיש און פאַרט אָן דעם קאָפּ מיט איין האַנט. — שטילשווייגן*

### ר ח ל - ל א ה

ניט אַנטשלאָסן

ביסט געווען ביי ר' עליען?

### מ אַ ז ע

וואָס?

ר ח ל - ל א ה

וואָס מאַכט ער היינט? בעסער?

מ אַ ז ע

מסתמא בעסער.

ר ח ל - ל א ה

וואָס הייסט, מסתמא? ביסט דאָך געווען דאָרט?

מ אַ ז ע

ניט דערוווּסט אים אין שטוב.

ר ח ל - ל א ה

שוין אַוועק אין שאַפּ אודאי.

מ אַ ז ע

וווּ הין דען אַנדערש וועט ער גיין? — טאַנצן?

ר ח ל - ל א ה

האָסט נאָך היינט אין מויל ניט געהאַט. וועסט עפּעס עסן? מ אַ ז ע שווייגט אפשר טרינקען אַ גלאָז טיי?

מ אַ ז ע

לאָז מיך אָפּ מיט דיין טיי.

ר ח ל - ל א ה אַ צעטומלטע אָפּ אין קיך — מ אַ ז ע זיצט און שווייגט

ר ח ל - ל א ה

קומט ווידער אַרוים

די קינדער זענען דאָ געווען ניט לאַנג.

מ אַ ז ע

יאָ

ר ח ל - ל א ה

ניט דערוואַרט זיך אויף דיר.

מ אַ ז ע

מילא.

ר ח ל - ל א ה

זיי האָבן געבראַכטביידע געלט... פּופּצן דאָל —

מ אַ ז ע

איך פרעג דיך דען וויפיל ? וואָס דערציילסטו מיר ?

ר ח ל - ל א ה

ניט פאַר מיר אַליין איז דאָס געלט. מעגסט וויסן.

מ אַ ז ע

נו גוט, נו גוט.

ר ח ל - ל א ה

ביסט נאָך אַלץ ניט צופרידן. שלעכטע קינדער האָסטו — אַנדערע וואָלטן געדאַנקט גאָט.

מ אַ ז ע

ווער זאָגט עפּעס ? ווער זאָגט ?

פּויזע

ר ח ל - ל א ה

זעצט זיך ביים טיש אַנטקעגן

מרדכי ! מ אַ ז ע הייבט אויף די אויגן אויף איר איך רעד צו דיר.

מ אַ ז ע

וואָס איז ?

רחל-לאה

וואָס זיצטו אַזוי? וואָס שווייגסטו?

מאַזע

איך בעט דיר, רחל-לאה. לאָז מיך זיצן.

רחל-לאה

וואָס האָסטו צו מיינע יאָרן? גזלן. וואָס פאַרפינסטערסטו דאָס לעבן זיך און אַלעמען. רעד.

מאַזע

מיט טרויער

ס'איז ניט גוט, רחל-לאה. ס'איז ניט גוט.

רחל-לאה

וואָס איז ניט גוט? זאָג.

מאַזע

ס'איז ניט גוט.

רחל-לאה

וואָס טוט זיך מיט דעם יידן?

פויזע

מאַזע

ווי פליסטערנדיק

ווייסט, רחל-לאה, איך טראַכט...

רחל-לאה

וואָס?

מ אַ ז ע

איך טראַכט — אַ מענטש האָפּט... אַט וועט קומען דער טאָג און מען וועט אַראָפּטרייסלען פון זיך די שמאַטעס. — פאַרשטייסט, — יום-טוב וועט קומען. אמתער יום-טוב — פאַרשטייסט, מען וועט אָנטון שבתדיקע בגדים — און ס'וועט טאַקע זיין יום-טוב, פאַרשטייסט —

ר ח ל - ל א ה

פאַרוואָס זשע זעסטו נישט, עס זאָל טאַקע זיין יום-טוב?

מ אַ ז ע

שפּרינגט אויף

עס איז נישט אַזוי... נישט אַראָפּגעטרייסלט די שמאַטעס. ווייזט אויפן הארצן אָט דאָ ווערט אין מיר אַלץ צעריסן. אויף שטיקער. און אין מח — אויך. אויף שטיקער, אויף פּיצלעך. צעריסן, צעטראָטן... רענס, שמאַטעס!... אַלע, אַלע שטייען און רייסן שטיקערווייז, אַלע ביז אייגעם!... און דאָרט אין שאָפּ האָב איך כאָטש אויף די שמאַטעס אַ דעה.

ר ח ל - ל א ה

זיצט און איר גאַנצער פּנים קרימט זיך

מ אַ ז ע

פלוצלינג

ווו איז הערי?

ר ח ל - ל א ה

ער שפּילט באָל. וואָס איז?

מ אַ ז ע

אַזוי זיך. אַזוי זיך.

ר ח ל - ל א ה

פאַרוואָס זעסטו נישט, ווי הערי איז גאָר אַן אַנדער קינד געוואָרן?

מ אַ ז ע

אַן אַנדערער. וואָס הייסט אַן אַנדערער?

ר ח ל - ל א ה

ער ווערט שטילער, רויקער.

מ אַ ז ע

אַ קינד ווי אַלע קינדער. אַן אַנדערער! ער איז פריער אויך נישט געווען קיין גאָט-ווייס-וואָס... ווי אַלע קינדער.

ר ח ל - ל א ה

דו מיינסט דאָס?

מ אַ ז ע

אָבער וואָס איז די פּעולה? און אַז ער איז שוין ווי אַלע קינדער אין אַמעריקע, איז וואָס? ווי אַלע קינדער... אַ גוואַלדיקע מעשה — ווי אַלע קינדער... אַך, וואָס איז דאָ צו רעדן...

ר ח ל - ל א ה

דו זעסט דען נישט, אַז ער וויל זיך איבערבעטן מיט דיר...

מ אַ ז ע

אַזוי?

ר ח ל - ל א ה

זאָל איך אַזוי געזונט זיין, ווי איך זאָג דיר אמת.

מ אַ ז ע

נו, שטייט אים נישט אָן צוצוגיין צו מיר?

ר ח ל - ל א ה

אַז דו וואָלסט אים איין גוטע מינע כאָטש געוויזן.

מען קלינגט. ר ח ל - ל א ה גייט עפענען. מען הערט פון האָלל ר' עליעס „גוט מאָרגן". מ אַ ז ע הייבט זיך אויף, איז צופרידן וואָס ר' עליע קומט.

ר׳ ע ל י ע

קומט אריין

אַ גוטער מאָרגן, ר׳ מ ר ד כ י.

מ אַ ז ע

גוט יאָר ר׳ ע ל י ע. זיצט.

ר ח ל - ל א ה

גו, ווי פילט איר היינט?

ר׳ ע ל י ע

אַ דאַנק גאָט, אַ דאַנק גאָט.

מ אַ ז ע

נאָך נישט באַדאַרפט אַרויסגיין פון שטוב אפשר?

ר׳ ע ל י ע

אויף אַ קליין ביסעלע. דורכגעגאַנגען זיך נאָר איבערן גאַס.

ר ח ל - ל א ה

איר וועט טרינקען אַ גלעזעלע טיי, ר׳ עליע?

ר׳ ע ל י ע

זייט זיך נישט מטריח. נישט נויטיק, אַ לעבן אויף אייך.

מ אַ ז ע

פאַרוואָס נישט? דערלאַנג, רחל-לאה.

רחל-לאה אפּ

מ אַ ז ע

און איך בין טאַקע נישט לאַנג געוועזן ביי אייך. נישט גע-
טראָפן.

ר׳ ע ל י ע

טאַקע. זאָלט איר מיר געזונט זיין. אומזיסט מטריח געוועזן זיך,

מ אַ ז ע

איר האָט שוין געוואָלט אין שאָפּ גיין היינט?

ר׳ עליע

מיין אַלטע האָט שוין אייך אוודאי געזאָגט. איך האָב זיך טאַקע געקליבן גיין. זאָגט מיין אַלטע: זיי שוין נאָך אַ טאָג אין שטוב. טענה איך: אַז איך בין שוין געזונט, אַ דאַנק דעם וואָס זיצט אויבן. וויפל אַ שיר צו הוליען?... נו, מילא, מאָרגן אים ירצה השם.

מאַזע

זיצט, ר׳ עליע. פאַרוואָס זיצט איר נישט?

ר׳ עליע

נישט אויף לאַנג, ר׳ מרדכי, זאָלט איר מיר געזונט זיין. איך האָב געזאָגט מיין אַלטער: זיך נאָר דורכגיין אַביסעלע.

מאַזע

עס מאַכט נישט. זיצט.

ר׳ עליע זעצט זיך

ר׳ עליע

קוקט זיך ארום

נו און איר, ר׳ מרדכי, הייסט עס, טאַקע אויס. — פון די שמאַטעס מיין איך... געלויבט דער אויבערשטער, פיין, זייער פיין. צופרידן? ווי דען? — אוודאי.

מאַזע

טוט אַ מאַך מיטן האַנט

עט.

ר׳ עליע

קוקט אים אָן פאַרוווּנדערט, וויל עפּעס זאָגן, אין דעם קומט אַריין רחל־לאה מיט צוויי גלאָז טיי אין האַנט, שטעלט זיי אויפן טיש.

רחל־לאה

דו וועסט דאָך אויך טרינקען, מרדכי. טרינקט, ר׳ עליע...

אַפּ צוריק אין קיך

ר׳ עליע

טרינקט, שטעלט זיך אפ ביי יעדן זופ און שאָקלט מיטן קאָפּ, חי

איינער וואָס באַדויערט עפּעס.

אַזוי... אַזוי... פּויזע אַז איך זאָג: עפּעס איז מיר מרדכי נישט מיט אַלעמען.

מאַזע

שטעלט אַוועק די טיי, צימבעלט מיט די פינגער איבערן טיש.

שווייגט

ר׳ עליע

מען טאָר נישט זינדיקן, ר׳ מרדכי, מען טאָר נישט. וואָס הייסט — עט?... טאַטעלעך מיינע, נישט גוט אַזוי, נישט גוט...

מאַזע

טרינקט, ר׳ עליע, עס וועט קאַלט ווערן.

ר׳ עליע

טרינקט און שאָקלט אַלץ מיטן קאָפּ

מאַזע

אָבער פאַר דאַמאָלסדיקע אין שאָפּ זענט איר שוין נישט ברוגז מער אויף מיר? ניין?

ר׳ עליע

וואָס רעדט איר? וואָס שייך ברוגז? אין תּוך גענומען זענט איר דאָך געווען גערעכט. מען האָט נישט געדאַרפט זיך אַליין אָנטון אַזויפיל חרפּה. אָבער — צו שאַרף, ר׳ מרדכי, צופיל עקשנות האָט איר אַרויסגעוויזן. נישט רעכט אַזוי. מען טאָר נישט אַליין... אַלע, נעבעך, יידן.

מאַזע

אמת, אמת, ר׳ עליע.

ר׳ עליע

אַ טאַטש אין פּנים אַזויפיל יידן — אַ גרויסע עבירה. האָט קיין פאַריבל נישט, וואָס איך זאָג אייך דאָס.

מ אַ ז ע

אדרבה, אדרבה, איר מעגט.

ר׳ ע ל י ע

שייך — איך מצג! אוודאי וואָלט געווען בעסער, ווען מען הויבט גאָרנישט אָן. אַ חרפה. אָבער פון אַ חרפה טאָר מען אויך נישט — מביש זיין אַזויפיל יידן.

מ אַ ז ע

זיצט אַ פארלוירענער

ר׳ ע ל י ע

זייט זיך נישט מצער, ר׳ מרדכי. גאָט האָט מוחל געווען. און די יידן דערמאָנען אייך נישט צום שלעכטן. אדרבה — מיטן גרעסטן דרך-ארץ. זייט זיך נישט מצער, ר׳ מרדכי.

מ אַ ז ע

איר זענט אַ טייערער ייד, ר׳ עליע.

ר׳ ע ל י ע

וואָס שייך, וואָס שייך.

עס קומט אריין הערי. ער לאָזט זיך אריין שנעל, אָנגעטון אין בייז-באָלל קליידער, דערזעט די צוויי יידן, חאַפט זיך אָפּ אין מיט, ארויספלאצנדיק: אַ! לויפט ארײַן אין קיך.

מ אַ ז ע

מיין יינגסטער זון. מיין בן-יחיד.

ר׳ ע ל י ע

תמיהותדיק

אַזוי.

מ אַ ז ע

אָט דאָ בחורל, ווי איר קוקט אים אָן, איז מיר אַ שונא אין לעבן.

ר׳ ע ל י ע

וואָס רעדט איר?

מאזע

אָט דאָס וואָס איר הערט. איך האָב דאָס נאָך פאַר קיינעם נישט אַרויסגעזאָגט, פאַר קיינעם נישט, פאַר דעם געדאַנק אַליין האָב איך מורא.

ר׳ עליע

אַי אַי אַי...

מאזע

אָבער איך מוז דאָס איינמאָל אַרויסזאָגן. איך מוז, אַז נישט — איז זאָל גאָט שומר ומציל זיין... און איך טראַכט אַלץ: וווּ איז דער גרונט? עס באַדאַרף דאָך זיין אַ גרונט. עס טרעפן דאָך רגעס, ר׳ עליע, אַז עס ציטערן מיר העֶנט און פיס פון זיינעם אַ קוק נאָר... דאַכט זיך, וואָס — אַ יינגל, קוים צוואַנציק יאָר אַלט, און אַזויפיל שנאה.

ר׳ עליע

אפשר דאַכט זיך אייך, ר׳ מרדכי?

מאזע

ניין, ניין. דאָס גאַנצע הויז איז פול מיט שנאה פון אָט דעם יינגל. אַפילו די ווענט. ווער רעדט, אַז ער איז אין שטוב, איז, ממש, נעם און אַנטלויף ערגעץ... ער ווישט מיך אָפּ מיט איין קוק, ער פאַרטיליקט מיך... ווי נאָר ער טרעט איבער דעם שוועל, איז אַזוי ווי ער וואָלט די גאַנצע גאַס מיטגע־בראַכט מיט זיך און אַרויפגעשליידערט אויף מיר... ער אַליין ווייסט אפשר גאָרנישט אַזויפיל פון זיין שנאה, ווי איך ווייס עס.

ר׳ עליע

אָבער וויאַזוי? וויאַזוי?

מאזע

וואָס רעדט איר? ס׳איז נישט קיין שנאה, ס׳איז עפּעס מער פון שנאה. עפּעס אַזוינס, אַז איך ווייס גאָרנישט וויאַזוי צו זאָגן. איך טראַכט אָפטמאָל: ווער ווייסט, אפשר איז ער גע־רעכט? עס קאָן דאָך נישט זיין גלאַט אַזוי. איך האָב שוין

לאַנג אָפּגעמאַכט ביי זיך: איך מיש זיך נישט. טו, לעב, פיר זיך, ווי דו ווילסט אַליין. איך זע דאָך: דאָ איז ער דער דעה-זאָגער. אָבער פאַר אים איז דאָס ווייניק. ער וויל אַלץ, וואָס ס'איז ביז אים געווען, אַראָפּשניידן... אַט אַזוי אָ פון זיך אַליין אַרויסגעשפּראָצט. אַרויסגעוואַקסן...

פויזע

מ א ז ע

בויגט זיך צו צו ר' עליען, אַזוי ווי ער וואָלט אים וועלן עפּעס פאַרטרויען, זאָגט שטיל

ס'איז שלעכט, ר' עליע.

ר' ע ל י ע

דערשראָקן

וואָס האָט איר געזאָגט, ר' מרדכי?

מ א ז ע

ס'איז זייער שלעכט.

ר' ע ל י ע

נעמט אים דורך מיט ביידע אויגן, קוקט לאַנג, לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט מיטאַמאָל אַלץ פאַרשטאַנען.

אַזוי...

לאַנגע פויזע

ר' ע ל י ע

הויבט זיך אויף מיט אַ מאָל

איך וועל שוין גיין... צייט, צייט. נעמט זיך איילן אַ גוטן אייך, ר' מרדכי.

לאָזט זיך שנעל צו דער טיר, לויפט דורך פאַרבײַ קיך און זאָגט אַריין: אַ גוטן טאָג. מען הערט רחל-לאהס ענטפער: גייט געזונט. מאזע זיצט און קוקט אַנטקעגן זיך מיט ברייט צעעפנטע אויגן. זיין פּנים קריגט מיטאַמאָל אַן ענערגישן, באַגייסטערטן אויסזען. ער הויבט אָן רופן.

מ א ז ע

רחל־לאה, ווו איז הערי? הערי איז דאָ?

ר ח ל ־ ל א ה

ווייזט זיך פון קיך, קוקט מיט פאַרוואונדערונג.

הערי? דו ווילסט זען הערין? ער איז אין קיך. טרינקט טיי.

מ א ז ע

רופט

הערי, קום אַהער.

ר ח ל ־ ל א ה

צעטומלט

הערי, דער טאַטע רופט. קום אַרויס.

ה ע ר י

באַווייזט זיך אין טיר. קוקט מיט אַ גישט דרייסטן פנים איבעראַשט

מ אַ ז ע

מאַכט מיטן האַנט צו רחל־לאהן, זי זאָל אַוועקגיין אין קיך. רחל־לאה אָפּ

וואָס האָסטו מורא? קום צו.

ה ע ר י

איך האָב נישט מורא.

רוקט זיך צום טיש נישט אַנטשלאָסן

מ א ז ע

זעץ זיך.

ה ע ר י

זעצט זיך. זיין צעטומלונג וואַקסט אין אים נאָך מער.

מ א ז ע

פירן פירט זיך, אַז אַ זון בעט איבער אַ טאַטן... אָבער עס מאַכט נישט. איך הויב אָן דער ערשטער.

ה ע ר י

צו זיך אליין

אך, דזשי.

מ א ז ע

נעמט אים דורך מיט ביידע אויגן

וויפל, א שטייגער, דענקסטו, וועט דער טאטע דיינער נאך לעבן ?

ה ע ר י

וואס רעדסטו, פא ?

מ א ז ע

ווערט מיטאמאל אליין אויך צעטומלט און הויבט אן שטאמלען

אט איז שוין דער טאטע דיינער נישטא. — וואס וועט זיין דאמאלס ?... שטעל זיך פאר, אז דער טאטע איז שוין נישטא...

ה ע ר י

וואס איז מיט דיר, פא ?

מ א ז ע

וואס איז מיט מיר ? די פרעגסט ? די ווילסט טאקע וויסן ? הער זיך איין, מיין זון... הער זיך איין...

ה ע ר י

אז איך ווייס נישט, וואס די רעדסט, פא... עפעס מאדנע... איך פארשטיי נישט...

וויל זיך א דערשראקענער אויפהויבן

מ א ז ע

זיץ, זיץ, האב נישט מורא. איך רעד נאך נישט אויסערן וועג. איך בין נאך נישט משוגע, חלילה... ווארט א מינוט. איך האב געוואלט דיר זאגן עפעס זייער וויכטיקס... געפינט נישט קיין ווערטער, ווי אזוי אויסצודריקן זיך פארשטייסט, מיין זון, שוין יארן, אז איך קלויב אויפן הארצן, שטיק אין זיך. און אלץ וואס איך שטיק אין זיך האט א שייכות צו דיר, נאר צו דיר... די פארשטייסט, די מיינסט, אז אלץ איז אזוי פשוט, אפן... פארשטאמלט זיך און פלאצט ארויס מיטאמאל

דו פאַרשטייסט, דו האָסט דאָך מיך אינגאַנצן פאַרלייקנט, אָפּגע־
ווישט... אַז, אַז...

ה ע ר י

פאַ, פאַ, וואָס רעדסטו ? איך ווייס נישט... מאָדנע ווערטער
עפּעס. איך האָב מורא. וואָס ווילסטו פון מיר ?...

מ אַ ז ע

נעמט אים דורך שאַרף מיט די אויגן, טוט א מאַך מיטן האַנט.

עט...

הייבט זיך אויף און גייט אַריין אין בעט־רום און פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך.

ר ח ל ־ ל א ה

קומט אַרויס פון קיך

וואָס איז, הערי ? וואָס זיצסטו אַזוי ? ווו איז דער טאַטע ?

ה ע ר י

ער איז אין כעס געוואָרן. איך ווייס נישט פאַרוואָס. אַריינגעלאָפן
אין בעט־רום.

ר ח ל ־ ל א ה

האָסט אים עפּעס געזאָגט ?

ה ע ר י

ניין, מאַמע, פאַרקערט : איך האָב געוואָלט זיין גוט... ער רעדט
עפּעס אַזוי מאָדנע... זאָגט אַ פּאָר אָפּגעהאַקטע ווערטער, און איך
פאַרשטיי זיי נישט...

ר ח ל ־ ל א ה

רופט

מרדכי, וואָס טוסטו דאָרט ? קום אַרויס, שוין צייט צו עסן דינער.

מאַזע קומט אַרויס איבערגעטון אין זיינע שאַבּ־קליידער, אין אַן
אַלטן, אָפּגעריסענעם רעק.

ר ח ל ־ ל א ה

אַ דערשראָקענע

וואָס איז דאָס ?

מ אַ ז ע

איך גיי אין שאָפּ צוריק.

רחל-לאה

פארברעכט מיט די הענט

ווי איז צו מיר. וואָס טוט זיך דאָ?

הערי

שטעלט זיך ביי דער טיר

פאַ.

מאַזע

זאָגט גאָרנישט, לאָזט זיך צו דער טיר

רחל-לאה

פאַרלויפט אים דעם וועג

וווהין גייסטו? וואָס איז דאָס פאַר אַן אומגליק? ביסט משוגע צי חסר דעה?

מאַזע

לאָז מיך, רחל-לאה.

רחל-לאה

פעסט

איך זאָג, אַז דו וועסט נישט גיין, סיידן איבער מיין גוף, דו הערסט. וואָס איך זאָג דיר? דו אַלטער נאַר, דו! האָסטו געזען — ער גייט! האָט אַרויפגעשלעפט די שמאַטעס אויף זיך און גייט! אַזאַ אַלטער נאַר.

כאַפּט אים אָן פאַר די הענט, שלעפּט אים צוריק מיט אַזאַ פעסטקייט, אַז מאַזע קאָן נישט ביישטיין. ער ווערט מיטאמאָל אָפּגעלאָזן און לאָזט זיך שלעפּן, ווי אַ קליין קינד. זי שלעפּט אים צו צום טיש, און זעצט אים אַריין אין אַ שטול.

רחל-לאה

זיך.

מאַזע זיצט ווי אַ געליימטער, רחל-לאה לויפט אַריין אין בעטרום, טראָגט אַרויס צוריק דעם שבתדיקן ראָק.

רחל-לאה

זאָלסט מיר אים שוין אָנטון צוריק. די מינוט. וואָס זיצסטו? טו אויס די שמאַטעס פון זיך.

## מ אַ ז ע

רירט זיך נישט פון אָרט

## ר ח ל - ל א ה

**צו אויס די שמאַטעס!**

שלעפּט פון אים אַראָפּ מיט גוואַלד דעם אַלטן ראָק און טוט אים אָן דעם שבתדיקן. זי שלעפּט אים פאַר די הענט, טוט זיי אַריין אין די אַרבל. מאַזע ווערט זיך נישט. זיצט, אַזוי ווי ער וואָלט געווען פון האָלץ.

## ה ע ר י

קוקט זיך צו צו דער גאַנצער סצענע. דערשראָקן און פאַרוווּנ-דערט. זאָגט מיט אַ ציטערדיק קול.

**דזשי!...**

## פ אָ ר ה אַ נ ג